פ. הײלפּערין און מ. װײַנרײַך

# פּראַקטישע גראַמאַטיק
# פֿון דער יידישער שפּראַך

## ערשטער טייל



דריטע פֿאַרגרעסערטע אויפֿלאַגע



ווילנע — 1931 — וואַרשע

ווילנער פֿאַרלאַג פֿון ב. קלעצקין

# I. זאַץ

## 1

### געדאַנק.

די קינדער שלאָפֿן נאָך
ווינט אַ באַבעצע אין וואַלד
פֿערד ביבל מאָרגן טינטער
איך בין שוין איצט אַ גוט קינד
דויך פֿעדער טישל שפּיגל איבער
קליינע פֿייגל שרעק איך ניט
קליינע קינדער וועק איך ניט
הויז אין נאָך בײַ זעלטן טאַטע
זומער קאַפּעליוש פֿיש הערינג.

לייען איבער די שורות, וואָס מען פֿאַרשטייט פֿון זיי יאָ אַ געדאַנק.

לייען איבער די שורות, וואָס גיבן ניט קיין געדאַנק.

וויפֿיל שורות זײַנען דאָ פֿאַראַן מיט אַ געדאַנק?

וויפֿיל שורות זײַנען דאָ פֿאַראַן אָן אַ געדאַנק?

> עטלעכע ווערטער, וואָס גיבן צוזאַמען אַ געדאַנק, רופֿן זיך זאַץ.

ארבעט. 1. טראַכט צו צוויי שורות ווערטער, וואָס גיבן ניט קיין געדאַנק.

2. טראַכט צו עטלעכע שורות ווערטער, וואָס גיבן צוזאַמען אַ געדאַנק.

## 2

## בערל שרײַבט אַ דערציילונג.

בערלען האָט זיך פאַרגלוסט צונויפצושטעלן אַ דערציילונג. ער האָט אָנגעהויבן צוטראַכטן אַ נאָמען. בײַ אים איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. האָט ער דורכן פענצטער אַ קראָ דערזען. בערל האָט באַשלאָסן וועגן דער קראָ טאַקע צו שרײַבן. ער האָט שוין אײַנגעטונקט די פעדער. פּלוצלינג איז די קראָ אַוועקגעפלויגן. בערל איז ברוגז געוואָרן. ער האָט געזאָגט:

— און איך וועל פּאָרט אָנשרײַבן!

און ער האָט גענומען שרײַבן אַ דערציילונג אָן אַ נאָמען. ×

לייען איבער דעם ערשטן זאַץ ביזן פּינטל.

צי קען מען זיך אָפּשטעלן נאָך די ווערטער: בערלען האָט?

און נאָך: בערלען האָט זיך?

און נאָך: בערלען האָט זיך פאַרגלוסט?

און נאָך: בערלען האָט זיך פאַרגלוסט צונויפצושטעלן אַ דערציילונג?

וועלכע פון די 4 רייען ווערטער גיט אַ פאַרענדיקטן געדאַנק, וואָס מען קען אים פאַרשטיין?

לייען איבער אין דער דערציילונג דעם צווייטן זאַץ און שטעל זיך אָפּ ווו מען דאַרף.

הער זיך צו, ווו לאָזט אַראָפּ דעם קול לייענענדיק — אינמיטן צי סוף זאַץ?

קוק זיך צו, וואָס פאַר אַ צייכן ס'שטייט דאָרט, ווו דער קול לאָזט זיך אַראָפּ און מען דאַרף זיך אָפּשטעלן.

---

× צום סוף פון אַ פאַרענדיקטן זאַץ, ווו דער קול לאָזט זיך אַראָפּ און מען דאַרף זיך אָפּשטעלן, שרײַבט מען אַ פּינטל.

### 3

אַט וואָס בערל האָט אָנגעשריבן:

אונדזער קלאַס איז זייער אַ קליינער. ער האָט אינגאַנצן צוויי פענצטער. אין ווינקל שטייט אַן אויוון. ניט ווייט פון אויוון שטייט דער טאָוול. אויף די ווענט הענגען בילדער. אַלע קינדער זיצן און לערנען. אָפטמאָל ווילט זיך מיר ניט לערנען. איך וויל בעסער מאָלן מענטשעלעך. ניט אַ-לעמאָל קומען ביי מיר די מענטשעלעך גוט אַרויס. איך וועל אַמאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער. דעמאָלט וועל איך זיין אַ סטאָליער.

צייל איבער, וויפיל מאָל מען דאַרף זיך אָפּשטעלן לייענעני-דיק בערלס דערציילונג.

קוק דורך, צי האָט בערל גוט אויסגעשטעלט די פּינטלעך.

אַרבעט. 3. שרייב איבער בערלס דערציילונג אין דיין העפט.

4. שרייב אַליין אַן אַ דערציילונג און שטעל אויס די פּינטלעך ווי מען דאַרף.

4

## דאָס אײגן=מײדעלע.

אַ ראָב איז געפֿלויגן איבערן טײַך
ער האָט געטראָגן אַ מײַדעלע אין מויל
אַ מענטש איז געגאַנגען פֿאַרבײַ דער
מענטש האָט אַ װאָרף געטאָן אַ שטײן
אויפֿן ראָב דער ראָב האָט דאָס מײַ=
דעלע אָפּגעלאָזן דאָס מײַדעלע איז אַרײַנ=
געפֿאַלן אין טײַך דער מענטש האָט עס
אַרויסגענומען און געבראַכט אַהײם דער
מענטש האָט ניט געהאַט קײן קינדער
איז בײַ אים פֿון דעם מײַדעלע געװאָרן
אַ מײדעלע

לייענען איבער די דערציילונג אָפּשטעלנדיק זיך און אַרױפּלאָזנ=
דיק דעם קול צום סוף פון יעדן זאַץ.

וואָס האָט דיר געשטערט גלײַך צו לייענען ווי ס'באַדאַרף צו זײַן?

אַרבעט. 5. שרײַב איבער און שטעל אוים פּינטלעך בײַ די אָפּשטעלן.

## 5

## בײַ דער וויג.

דאָס וויגעלע וויגט זיך דאָס לעמפּעלע ברענט
די באָבעניו זיצט איבער מיר אָנגעבויגן
איך זע אירע קלייניקע דאַרינקע הענט
איך קוק אין די אַלטינקע אויגן
דאָס וויגעלע וויגט זיך אַהין און אַהער
אַ זאָק שטריקט די באָבע זי לאָזט שטיל אַ טרער

צי איז דיר געווען גרינג איבערצולייענען דאָס ליד?
פאַרוואָס איז עס געווען שווער?
שטעל אוים די פּינטלעך ווו מען שטעלט זיך אָפּ און מען לאָזט אַראָפּ דעם קול, דאָס הייסט צום סוף פון יעדן זאַץ.

אַרבעט. 6. שרײַב איבער דאָס ליד אַזוי, אַז יעדער נײַער זאַץ זאָל זיך אָנהייבן פון אַ נײַער שורה.

6

# פרי=יאר.

ס'איז אנגעקומען דער פרי=יאר די
זון האט גענומען ווארעמען דער שניי
איז צעגאנגען צווישן די פאראיאריקע
גרעזער האבן זיך באוויזן פרישע
גרעזעלעך די קנאספן אויף די ביימער
האבן זיך געעפנט עס זיינען פון זיי
ארויסגעקראכן יונגינקע בלעטעלעך די
בין האט זיך אויפגעכאפט פון איר
ווינטערדיקן שלאף די בושלען זיינען גע=
קומען צו פליען קינדער ווילן שוין מער אין
שטוב ניט זיצן אין דרויסן איז פריילע=
כער

אַרבעט. 7. שרײַב איבער די דערציילונג און באַצייכן ריכטיק די ערטער, ווו דער קול לאָזט זיך אַראָפּ און מען שטעלט אַ פּינטל.

8. באַשרײַב, ווי אַזוי דו ביסט געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר אין פעלד, צי אין וואַלד, צי אין שטאָטגאָרטן.

7

## אַ שפּאַציר אין וואַלד.

הײַנט זײַנען מיר געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד. דער וואַלד איז געווען אַן אומעטיקער פון די ביימער פאַלן אַראָפּ די בלעטער די געבליבענע בלעטער אויף די ביימער זײַנען געלע די פייגעלעך זײַנען אַוועקגעפלויגן מיר האָבן אָנגעקליבן געלע בלעטער מיר האָבן פון זיי געפלאָכטן קרענץ מיט די קרענץ וועלן מיר אויספּוצן אונדזער קלאַס די שענערע בלעטער האָבן מיר געבראַכט אין שול מיר וועלן זיי פאַרטריקענען

שטעל אוים די פּינטלעך ווו מען דאַרף.

לייען איבער די ערשטע צוויי זאַצן און הער זיך צו, ווי אַזוי רעדט זיך אַרויס דאָס וואָרט וואַלד אין ערשטן זאַץ און ווי אַזוי אין צווייטן. צי רעדט זיך דאָס וואָרט אַרויס אין ביידע זאַצן מיט דעם זעלבן קול (מיט דעם זעלבן טאָן)? אין וועלכן זאַץ רעדט זיך אַרויס דאָס וואָרט וואַלד שטאַרקער?

לייען איבער דעם דריטן און דעם פערטן זאַץ. אין וועלכן פון זיי רעדט מען אַרויס שטאַרקער דאָס וואָרט ביימער?

אַרבעט. 9. שטרייך אונטער אין יעדן זאַץ דאָס שטאַרקסטע וואָרט.

## 8

# פראַגעס און ענטפערס.

## היינט האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד.

1) ווען האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד? היינט האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד.

2) ווער האָט היינט שפּאַצירט אין וואַלד? היינט האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד.

3) וואָס האָבן מיר היינט געטאָן אין וואַלד? היינט האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד.

4) וו... האָבן מיר היינט שפּאַצירט? היינט האָבן מיר שפּאַצירט אין וואַלד.

לייען איבער די פיר ענטפערס און ווייז אָן אין יעדן פאַל דאָס שטאַרקסטע וואָרט.

ווי אַזוי האָסטו געקענט אויף פאַרשיידענע פראַגעס ענטפערן מיט די זעלביקע ווערטער?

---

פון דעם, צי מיר ריידן אַרויס איינס פון די ווערטער פון זאַץ שטאַרקער, הענגט אָפּ דער באַטייט פון דעם זאַץ. אַרויסריידן שטאַרקער איינס פון די ווערטער הייסט שטעלן דעם טראָפּ (טאָן) אויף דעם וואָרט. ווען מיר שטעלן דעם טראָפּ ניט אויף דעם געהעריקן וואָרט, איז דער געדאַנק פון דעם זאַץ ניט גוט פאַרשטענדלעך.

# יודל דאָס לערניינגל.

ביי בערל־לייב דעם שמיד איז גע=
ווען א לערניינגל. דאָס לערניינגל האָט
מען גערופֿן יודל. יודל איז פֿון באַגינען
ביז זונאונטערגאַנג געשטאַנען מיטן
באַלעבאָס ביי דער אַרבעט. יודל האָט
געצויגן דאָס הענטל פֿון בלאָזזאַק.
דער בלאָזזאַק האָט געבלאָזן אויף די
קוילן. דאָס פֿײַער איז געוואָרן גרויס.
דערפֿון האָט דאָס אײַזן זיך אָנגע=
גליט. דערנאָך האָט בערל־לייב גענו=
מען דאָס אײַזן אויף דער קאָוואַדלע.
ער האָט דאָס אײַזן געקערט מיט דער
צוואַנג. יודל האָט אויף דעם געשלאָגן
מיטן גרויסן האַמער.

לייען איבער די דערציילונג און שטעל אין יעדן זאַץ דעם געהעריקן טראָפּ.

גיב אַכטונג וויפיל ווערטער מיט אַ טראָפּ (באַטאָנטע ווערטער) זיינען פאַראַן אין יעדן זאַץ.

| |
|---|
| געוויינלעך האָט אַ זאַץ נאָר איין באַטאָנט וואָרט. |

אַרבעט. 10. שרייב איבער די דערציילונג אין העפט און שטרייך אונטער די באַטאָנטע ווערטער.

## 10

# פראַגעס און ענטפערס.

## ביי בערל-לייבן איז געווען אַ לערניינגל.

1) ביי וועמען איז געווען אַ לערניינגל? ביי בערל-לייבן איז געווען אַ לערניינגל.

2) ווער איז געווען ביי בערל-לייבן? אַ לערניינגל איז געווען ביי בערל-לייבן.

## דאָס לערניינגל האָט מען גערופן יודל.

1) וועמען האָט מען גערופן יודל? דאָס לערניינגל האָט מען גערופן יודל.

2) ווי אַזוי האָט מען גערופן דאָס לערניינגל? יודל האָט מען גערופן דאָס לערניינגל.

באַמערק אין דעם ערשטן ביישפיל דעם סדר פון די ווערטער אין ביידע ענטפערס. באַטראַכט דאָס זעלביקע אין די ענטפערס פון דעם צווייטן ביישפיל.

| |
|---|
| צוזאַמען מיט דעם טראָפּ בייט זיך אָפטמאָל אויך דער סדר פון די ווערטער אין זאַץ. |

## 11

## די מאמע.

אין פענצטער איז נאָך פינצטער,
עס שלאָפן נאָך די קינדער,
און זי — זי גייט שוין שטילערהייט,
זי ברענגט שוין פרישע מילך און ברויט
פאַר די קליינע קינדער.

אינאָווענט הײט דער זייגער,
עס שלאָפן שוין די קינדער,
און זי — זי זיצט זיך שטילערהייט,
זי זיצט און העמדלעך ווײַסע נייט
פאַר די קליינע קינדער.

ארבעט. 11. שטעל אוים פינטלעך ווו מען דאַרף.
12. שטרײַך אונטער די באַטאָנטע ווערטער אין די זאַצן.

## 12

## פ ר א ג ע ס.

זי ברענגט שוין מילך און ברויט פאַר די קליינע קינדער.

1) ווער ברענגט שוין מילך און ברויט פאַר די קליינע קינדער?
2) וואָס טוט זי שוין?
3) וואָס ברענגט זי שוין?
4) פאַר וועמען ברענגט זי שוין מילך און ברויט?

ארבעט. 13. ענטפּער אין דײַן העפט אויף אַלע פראַגעס. דאָס באַטאָנטע וואָרט פון ענטפער דאַרף מען אונטערשטרײַכן. אויף די פראַגעס 3 און 4 ענטפער אויך אַזוי, אַז עס זאָל זיך צוזאַמען מיטן טאָן בײַטן דער סדר פון די ווערטער אין זאַץ.

## 13

## פרעגזאַץ און אויסרופזאַץ.

| III | II | I |
|---|---|---|
| פאַרוואָס שטייסט נישט אויף? | שטיי שוין אויף! | ער שטייט אויף. |
| צי וועסטו מיר שוין הײַנט ברענגען דאָס בוך? | ברענג מיר שוין אָט דאָס בוך! | איך האָב דיר געבראַכט דאָס בוך. |
| וויפיל איז איצט דער זייגער? | אַך, ס'איז שוין דרײַ דער זייגער! | עס איז דרײַ דער זייגער. |
| וועלכער טאָג איז געווען אַ שלעכטער? | נו-נו, איז דאָס געווען אַ טאָג! | געווען הײַנט אַ שלעכטער טאָג. |
| אָפּשר זאָל איך קומען אַהער? | קום אַהער! | איך קום שוין. |
| צוליב וואָס זײַנען זיי אַוועקגעפאָרן? | אַ שאָד, זיי זײַנען שוין אַוועקגעפאָרן! | זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן. |

הער זיך גוט צו, ווי אַזוי מען שטעלט דעם קול (די אינטאָנאַציע) בײַ די זאַצן פון דעם I, דעם II און דעם III סלופיק.

מיט וואָס פאַר אַ קול רעדסטו אַרויס די זאַצן פון דעם II סלופיק?

וואָס פאַר אַ צייכנס שטייען נאָך די זאַצן פון דעם II סלופיק?

מיט וואָס פּאַר אַ קול רעדסטו אַרויס די זאַצן פון דעם III סלופּיק?

וואָס פּאַר אַ צייכנס שטייען נאָך די זאַצן פון דעם III סלופּיק?

---

דער זאַץ, וואָס דריקט אויס אַ פראַגע, רופט זיך פרעגזאַץ. ער שרייבט זיך מיט אַ פרעגצייכן. דער זאַץ, וואָס דריקט אויס אַן אויסגעשריי אָדער אַ רוף, הייסט אויסרופזאַץ. ער שרייבט זיך מיט אַן אויסרופצייכן.

---

14

## אַ פאָלקסלידעלע.

פייגעלע, פייגעלע!
פּי פּי פּי.
וווּ איז דיין טאַטע?
ניטאָ הי.
ווען וועט ער קומען?
מאָרגן פרי.
וואָס וועט ער דיר ברענגען?
אַ גלעזעלע ביר.
וווּ וועט ער עס שטעלן?
הינטער דער טיר.
ווער וועט טרינקען?
איך מיט דיר.

אַרבעט. 14. שרייב איבער דאָס גאַנצע און שטרייך אונטער די פרעגזאַצן.

15

## רעטענישן.

1) וואָס איז העכער פאַר אַ הויז
וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז

2) וואַסער וואַסער איז אָן אַ זאַמד
וואַסער מלך איז אָן אַ לאַנד

3) ווער גייט און שטייט הענגענדיק

4) ווער גייט זומער איינגעדעקט און ווינטער נאַקעט

לייען איבער די זאַצן מיט דעם געהעריקן קול און שטעל ווי מען דאַרף די פּרעגצייכנס.

אַרבעט. 15. שרייב אַרײַן די רעטענישן מיט די פרעגצייכנס אין העפט. באַשייד די רעטענישן און פאַרשרייב זייער באַשייד.

16

## אויפן פראָסט.

די יינגלעך האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון שול.
סאַראַ פראָסט! סאַראַ זון! סאַראַ מחיה!
און מען האָט זיך גענומען יאָגן נאָך אַ שליטן. דער־יאָגט און אויסגעזועצט זיך איינער לעבן אַנדערן ווי פייגע־לעך אויפן דאַך. גלאַנצן מיט די אייגעלעך אַרום זיך.
פלוצלינג האָט זיך דער באַלעבאָס פונעם שליטן אויפגעכאַפּט. ער איז געווען אַנטדרעמלט געוואָרן.

— אָ, איר פּוינע און פּוינע! — האָט ער גענו־
מען שרײַען. — אַט וועל איך אײַך! פּוועק, קונדייסים!
די חברה פון שליטן — האָפּ! און געמאַכט פּיס!
— היי, קינדער! מיט שניי פאַרוואַרפט אים!
אין איין רגע האָבן זיי פאַרשאָטן אי דעם שליטן,
אי דעם שמײַסער, אי דאָס פערד.

לייען איבער די דערציילונג מיטן געהעריקן קול און דער־
קלער, פאַרוואָס עס שטייען דאָ אויסרופצייכנס.

ארבעט. 16. שרײַב אויס די אויסרופזאַצן אין העפט.
17. לייען איבער מיטן געהעריקן קול דאָס ליד:

## פ אָ ל י ד ע ר פ אָ פּ ו ג ײַ.

היי, דו גרינער פּאָפּוגײַ
מיטן שנאָבל ווי אַ שופר!
זאָג! וואָס שרײַסטו אײַ און אײַ
גאַנצע טעג אָן אויפהער?
פינטלט פאָלי מיטן אייגל,
שרײַט און פינטלט מיטן אייגל:
פאָלי וויל אַ בייגל!

18. שרײַב איבער דאָס ליד צו זיך אין העפט.

17

פֿייגל פֿליען.

נעכטן האָבן מיר געשפּילט אין הויף.
האָט עמעצער אויסגעשריען:
- פֿייגל פֿליען
- טאַקע, טאַקע. פֿייגל פֿליען
- ווו. ווו.
- אָן, דאָרטן אינדערהייך
מיר אַלע האָבן טאַקע דערזען א
סך, אַ סך פֿייגל אינדערהייך: פֿריער
איז געפֿלויגן איינער, הינטער אים -
צוויי, דערנאָך דריי און דערנאָך
בסדר אַלע מער.
- דער ערשטער פֿויגל איז עס זיי=
ער לערער - האָט חנה געפֿרעגט.

די קינדער האָבן גענומען לאַכן און
שרײַען:
- די פֿייגל לערנען זיך ניט
- די פֿייגל האָבן קיין לערער ניט
דערווײַל איז אַרויס דער לערער.
- פֿונוואַנען קומען די פֿייגל -
האָבן מיר אים געפֿרעגט - און וואָס
פֿאַר פֿייגל זײַנען עס
דער לערער האָט אונדז געזאָגט:
- קומט אַרײַן אין קלאַס, וועל איך
אײַך דערציילן.

…רבעט. 19. שרײַב איבער דאָס גאַנצע.
20. שטעל אויס די פֿרעגצייכנס און די אויסרופֿצייכנס
ווו עס פֿאָדערט זיך.
21. שטרײַך אונטער די פֿרעגזאַצן און די אויסרופֿזאַצן.

# II. וואָרט

## 18

### אַ שמועס פונדערווײַטנס.

איטעלע!

וואָס?

ווו ביסטו?

דאָ!

וואָס טוסטו?

איך לייען אַ בוך.

קום אהער!

איך לייג נאָר אַוועק דאָס בוך און לויף שוין צו דיר.

ציילט אויס, וויפיל ווערטער זײַנען פאַראַן אין יעדן זאַץ.

| די צאָל ווערטער אין זאַץ איז ניט באַגרענעצט. |
|---|

אַרבעט. 22. שרײַב אָן צוויי זאַצן צו 1 וואָרט און דרײַ זאַצן צו 2 ווערטער אין יעדערן.

23. שרײַב אָן צוויי זאַצן צו 3 ווערטער, צוויי זאַצן צו 4 ווערטער, איין זאַץ פון 5 ווערטער.

19

## אין מײַן פעטערס גאָרטן.

בײַ מײַן פעטער אין פרוכטגאָרטן װאַקסן עפּל־בײמער, באַרנבײמער, קאַרשנבײמער, פלױמענבײמער און אַנדערע פרוכטבײמער. פרילינגצײַט איז דער גאַנצער גאָרטן באַשאָטן מיט ראָזלעך בליעכץ, און האַרבסטצײַט שמעקט ער מיט דעם ריח פון פאַרטיקע עפּל און באַרן. אין די זומערטעג פילט מען ניט אין דעם בלעטערשאָטן די היץ פון דער זון. ס׳איז דעמאָלט גוט דאָרט צו ליגן, הערן װי די פײגל פּיפּטשען און זען, װי די זומער־פײגעלעך פלאַטערן אינדערלופטן.

ארבעט. 24. שרײַב אױס און שטרײַך אונטער די װערטער, װאָס באַשטײען פון צװײ, למשל: פרוכטגאָרטן, עפּלבײמער

25. שרײַב אָן דערקלערונגען צו די אונטערגעשטראָכענע װערטער לױט דעם בײַשפּיל:

פרוכטגאָרטן — אַ גאָרטן, װאָס אין אים װאַקסן פרוכט.

26. שטעל צוזאַמען אײן װאָרט פון די געגעבענע עטלעכע לױט דעם בײַשפּיל:

צימער פאַר קינדער = קינדער־צימער.
ברױט פון קאָרן =
עסענץ פון עסיק =
קאָרב פאַר פּאַפּיר =
אַ שטײן פון אַ מיל =

צײַט פון װינטער = װינטערצײַט.
אַ צימער פאַר די לערער =
אַ נעסט פון פױגל =
אַ טיש, װאָס מען שרײַבט אױף אים =
אַ מעסער, װאָס מען האַקט מיט אים =

ווערטער, וואָס באַשטייען פון עטלעכע, רופן זיך צו־
נויפגעשטעלטע.

אַ צונויפגעשטעלט וואָרט רעכנט זיך ניט פאַר צוויי,
נאָר פאַר איין וואָרט. די טיילן פון צונויפגעשטעלטן וואָרט
טיילן זיך ניט אָפּ מיט קיין בלייז.

20

1) ס׳איז דער האַרבסט געקומען.

2) ס׳קינד איז נעבעך קראַנק.

3) כ׳האָב מענטשעלעך, פּאַיאַצעלעך, וואָס ברעכן זיך און שפּרינגען.

4) מ׳האָט מיטאַמאָל פאַרגעסן די נויט.

צייל איבער, וויפיל ווערטער זיינען אין דעם זאַץ נומער 1: ס׳איז, דער, האַרבסט, געקומען. ווי אַזוי קען מען זאָגן אַנדערש אָנשטאָט ס׳איז? טאָ פון וויפיל ווערטער איז צונויפגעשטעלט ס׳איז? פון וועלכע צוויי? צי רעדט זיך אַרוים דאָס ערשטע וואָרט אינגאַנצן?

וויפיל ווערטער זיינען אין דעם זאַץ נומער 2? פון וועלכע ווערטער איז צונויפגעשטעלט ס׳קינד? וויפיל ווערטער זיינען אין דעם זאַץ נומער 3? און וויפיל אין דעם זאַץ נומער 4?

וואָסער וואָרט איז צונויפגעשטעלט פון צוויי אין דעם זאַץ נומער 3? אין דעם זאַץ נומער 4?

וואָסער וואָרט איז געקירצט אין דעם זאַץ נומער 3? וואָסער וואָרט איז געקירצט אין דעם זאַץ נומער 4? וועלכע געקירצטע ווערטער האָבן מיר אין די 4 ביישפּילן?

די ווערטער ד אָ ס, ע ס, א י ך, מ ע ן ווערן אָפט־מאָל געקירצט און צוגעשטעלט צום אָנהייב פון דעם צווייטן וואָרט. דעמאָלט קומט נאָך זיי אַ שטריכעלע פון אויבן. דאָס שטריכעלע רופט מען אַ פּ אָ ס ט ר אָ ף.

דאָס געקירצטע וואָרט רעכנט זיך פאַר אַ טייל פון דעם צווייטן וואָרט, צו וועלכן ס'איז צוגעשטעלט; דאָס געקירצטע צוזאַמען מיטן צווייטן רעכענען זיך פאַר איין וואָרט.

## 21

## געקירצטע ווערטער.

ארבעט. 27. קירץ די געגעבענע ווערטער לויט דעם אָנגעוויי־זענעם ביישפּיל:

| | |
|---|---|
| איך וויל = כ'וויל | עס רעגנט = ס'רעגנט |
| איך גיי = | עס בליצט = |
| איך נעם = | עס איז = |
| איך טו = | עס שמעקט = |
| איך שרײַב = | עס רוישט = |
| איך עס = | עס נעמט = |

28. 

| | |
|---|---|
| דאָס קינד = ס'קינד | מען גייט = מ'גייט |
| דאָס טישעלע = | מען זעט = |
| דאָס מעסערל = | מען הערט = |
| דאָס לעפעלע = | מען כאַפּט = |
| דאָס בעטעלע = | מען שטעלט = |
| דאָס יונגעלע = | מען נעמט = |

29. פאַרקירץ אין די נעגעבענע זאַצן די אונטערגע־שטראָכענע ווערטער.

איך בין גאָרניט אַזאַ צַדיק, איך זאָל ניט עסן קיין פליישׂ. איך באַרקיר ניט מיט אַ פישעלע אויך. עס ריפעט דער ווינט מיטן טויער. עס שלאָגט אין דער נאַכט פון אַ פענצטער אַ פריילעכע שיין. מען האָט אים גערופן צינגל. איך בין שוין גראָ און אַלט געוואָרן. ליוסי! עס ווינט דיין שיינע ליאַלקע! מען איז געפאַלן אויף אַ שׂכל! עס וועלקן בוים און בלום. עס האָט דער פעטער איצי אויסגעלערנט שניידעריי. דאָס לאָשיקל איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ פערדל.

## 22

## ווינטעראָונט.

ווינטער. אָוונט. שטיל און רויִק
איז אין אונדזער הויז.
ביי דעם אויוון זיצט די באָבע,
האַלט מיך אויף איר שויס.

מיט אַן אומעטיקן שמייכל
קוקט זי אויף דער פלאַם
און דערציילט מיר, ווי אַ פויגל
האָט געלעבט ביים ים.

ווינטער. ווינ — טער.

ניב אַ קוק, ווי אַזוי דאָס וואָרט ווינטער איז אָנגע־שריבן דאָס ערשטע און דאָס צווייטע מאָל. באַמערק, וויפיל מאָל דו אָטעמסט אויס די לופט ביים וואָרט ווינטער. דאָס וואָרט ווינטער טיילט זיך אין צוויי טיילן.

לייען איבער אויפן זעלביקן שטייגער, טיילנווײַז, דאָס וואָרט **אומעטיק**: או — מע — טיק. דאָ האָסטו דרײַ טיילן.

לייען איבער דאָס גאַנצע ליד, און יעדער מאָל, ווען עס הייבט זיך אָן אַ נײַער טייל, גיב אַ קלאַפּ מיטן פינגער אויפן טיש.

ארבעט. 30. שרײַב איבער דאָס ליד צו זיך אין העפט, און דאָרט, ווו דו האָסט בײַם לייענען אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פינגער, שטעל אַרײַן אַ פּאַסיקל. בײַשפּיל:

ווינ-טער. אָ-וונט. שטיל און רו-יק
איז אין אונ-דזער הויז.

באַמערק, אַז די ווערטער **ווינטער, אָוונט** לאָזן זיך פרײַ אַרויסריידן טיילנווײַז: ווינ-טער. אָ-וונט. די ווערטער **שטיל, און, אין** לאָזן זיך ניט פרײַ אַרויסריידן טיילנווײַז.

> **דער טייל פון וואָרט, וואָס לאָזט זיך פרײַ אַרויסריידן באַזונדער, רופט זיך טראַף**

## 23

## ט ר אַ ף.

ארבעט. 31. צעטייל די ווערטער אויף טראַפן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| טאַ — טע | שרײַ — ען | חֶ — דר | גע — בן | לע — פל |
| מאַ — מע | לײַ — ען | תַּל — מיד | זו — כן | יי — כל |
| לערער | מאַנט—לען | פּנים | לויפן | טישל |
| פּעדער | געהאַט | מֶלך | צאַפּן | בענקל |
| אַרבעט | נאַטור | שׂמחה | שרײַבן | הענטל |
| טינטער | קומען | פּסח | רײַסן | פּיסל |
| מעקער | האַנדלען | סוכּות | באַפּן | הינטל |

צו וויפיל טראַפן האָבן די געגעבענע ווערטער?

דערמאָן זיך פינף ווערטער, וואָס לאָזן זיך ניט טיילן אויף קיין טראַפן. צו וויפיל טראַפן האָבן אַזעלכע ווערטער?

| |
|---|
| דאָס וואָרט, וואָס באַשטייט פון איין טראַף, רופט זיך איינטראַפיק וואָרט. |
| דאָס וואָרט, וואָס באַשטייט פון צוויי טראַפן, רופט זיך צווייטראַפיק וואָרט. |

24

## ט ר אַ ף.

גענוג שוין געהוליעט, גענוג שוין געשטיפט!
זעט, ווי דער שוויים פון די פּנימער טריפט,
זעט, ווי צעפּאַליעט איר זײַט און צעפּלאַמט,
הענט ניט געוואַשן און האָר ניט געקאַמט.

אַרבעט: 32. שרײַב איבער די פיר שורות און שטרײַך אונטער מיט איין פּאַסיקל די איינטראַפּיקע ווערטער, מיט צוויי פּאַסיקלעך די צווייטראַפּיקע ווערטער.

33. צייל איבער, וויפיל טראַפן האָבן די ווערטער: געהוליעט, פּנימער, צעפּאַליעט, געוואַשן?

| |
|---|
| דאָס וואָרט, וואָס באַשטייט פון דרײַ טראַפן, רופט זיך דרײַטראַפּיק וואָרט. |

באַטראַכט זיך, צי זײַנען פאַראַן אויך פירטראַפּיקע ווערטער? פינפטראַפּיקע ווערטער?

זוכצעטל פאַר די וואָס קענען זיך ניט דערמאָנען:
אומעטיקער. איבערגעפירטער. אויסגעשטערנטער. קאַפּאָטקעלע. קאָמיזעלקע.
אונטערגעשפּאַרטער. איבערגעשריבענער. אויסגעוואַשענער.

# 25

## אקצענט.

נעם דאָס וואָרט שוועסטער. צעטייל עס אויף טראַפּן. וואָס פֿאַר אַ טראַף ווערט אַרויסגערעדט שטאַרקער? צי מעג מען אויך אַרויסריידן שוועסטער אַזוי, אַז דער צווייטער טראַף זאָל זיין שטאַרקער?

> אין יעדן וואָרט, וואָס באַשטייט פֿון עטלעכע טראַפּן, ווערט איין טראַף אַרויסגערעדט שטאַרקער. אַנדערש זאָגט מען: אויף דעם טראַף שטייט דער אקצענט.
>
> דעם אַקצענט באַצייכנט מען מיט אַ שטריכעלע איבער דעם טראַף.

לייען איבער די וויַטערדיקע זאַצן. ביַי יעדן טראַף גיב אַ קלאַפּ מיטן פֿינגער אין טיש; ביַי דעם טראַף, ווי עס שטייט דער אַקצענט, גיב אַ שטאַרקערן קלאַפּ, ביַי די אַנדערע שוואַכער:

פֿאַרגאַנגענע וואָך זיַינען מיַינע ברידער געווען אין טעאַטער. שיינדעלע איז אַראָפּ אין גאָרטן געזעגענען זיך מיט איר בלומען.

צרבעס. 34. שריַיב איבער צו זיך אין העפֿט די וויַטערדיקע זאַצן און שטעל אַוועק די אַקצענטן ביַי די ווערטער, וואָס האָבן מער ווי איין טראַף:

חנהלע האָט פֿאַרגעסן צו ברענגען איר לייענבוך. די פֿאָרשטעלונג איז אַלעמען זייער געפֿעלן. דער ערשטער קלאַס איז אַוועק מיטן לערער אויף אַן עקסקורסיע.

35. שריַיב איבער פֿון דיַין לייענבוך פֿינף שורות און צעשטעל די אַקצענטן ווי מען דאַרף.

**26**

## ווי אזוי מען האָט מײַן ברודערל צוגעגנבעט.

הײַנט האָט מען מײַן ברודערל יאַנקעלען צוגעגנבעט. אין שטוב איז געווען זייער דושנע. פליגן האָבן אים גע=בישן, האָט די מאַמע אים אַוועקגעלייגט שלאָפן אין ווע=געלע אין פאָדערהויז. דאָרט איז לופטיקער איידער אין די צימערן. אַליין איז זי אַוועקגעגאַנגען קאָכן דעם מי=טאָג. פּלוצלינג כאַפּט זי זיך: דאָס וועגעלע איז פּוסט, און יאַנקעלע איז נישטאָ. אַליין איז ער דאָך אַוודאי ניט אַ=וועק, אַז ער איז גאָר אַלט מער ניט ווי פיר חדשים.

אָבער די שרעק איז געווען אַן אומזיסטע. מען האָט יאַנקעלען אינגיכן געפונען. דאָס האָט אים פעסיעלע, אונ=דזער שכנהס מיידעלע, צוגעגנבעט און באַהאַלטן אין דעם האָלצשפּײַכלער. זי האָט קיין ברודערל ניט, האָט זיך איר זיי=ער געוואָלט האָבן אַן אייגן ברודערל; האָט זי צו=גענומען אונדזער יאַנקעלען.

קוק זיך צו, ווי אַזוי זײַנען געטיילט די ווערטער, וואָס מען האָט איבערגעטראָגן פון איין שורה אין דער צווייטער?
צי זײַנען איינטראַפּיקע ווערטער אויך איבערגעטראָגן?

| |
|---|
| אויב אַ וואָרט שטעלט זיך ניט אויס אינגאַנצן צום סוף פון דער שורה, טראָגט מען אַ טייל איבער אין דער צווייטער שורה. איבערטראָגן קען מען נאָר גאַנצע טראַפּן. קיין איינטראַפּיקע ווערטער טיילט מען ניט צום איבערטראָגן. |

**אַרבעט.** 36. שרײַב אויס פון דער דערציילונג די דרײַ=, פיר= און פינפטראַפּיקע ווערטער און טייל זיי צום איבערטראָגן.

37. שרײַב אויס צען שורות פון דער דערציילונג, וואָס מען האָט צילעצט געלייענט פון לייענבוך אין קלאַס, און טייל ריכטיק צום אַריבערטראָגן אַלע ווערטער, וואָס האָבן מער ווי איין טראַף.

## 27

1) הײַנט האָט מען מײַן ברודערל יאַנקעלען צוגעגנבעט.

דאָס וואָרט ה ײַ נ ט קען מען טיילן צום אַריבערטראָגן אין אַ צווייטער שורה? פאַרוואָס ניט?

דאָס וואָרט ה אָ ט לאָזט זיך טיילן צום אַריבערטראָגן? פאַרוואָס ניט?

מ ע ן —?

מ ײַ ן —?

ב ר ו ד ע ר ל קען מען טיילן צום אַריבערטראָגן? אויף וואָסערע אופֿנים:

ברו — דערל. ברודע — רל.

י אַ נ ק ע ל ע ן — אויף וואָסערע אופֿנים קען מען טיילן צום אַריבערטראָגן?

יאַנ — קעלען. יאַנקע — לען.

צ ו ג ע גַ נ ב ע ט — אויף וואָסערע אופֿנים קען מען טיילן?

2) דאָס האָט אים פּעסיעלע, אונדזער שכנהס מיידעלע, צוגעגנבעט און באַהאַלטן אין דעם האַלצשפּײַכלער.

38. שרײַב אויס די ווערטער אויף אַלע אופֿנים, לויט וועלכע מען קען זיי אַריבערטראָגן פון איין שורה אין דער צווייטער. ארבעט.

39. צעטייל די ווערטער אויף אַלע אופֿנים צום אַריבערטראָגן:

שוועסטערלעך — צעטראָגענער — אַעראָפּלאַן — אָפּטראָגן

באַקאַנטשאַפֿט — פֿאַרשריבענער — אָטעמען — געפֿאַלט

אָפּגעווישט — צוגעוואַקסער — קינדערשפּילכעלע — איבערגעחזרט

קאָאָפּעראַטיוו — פֿינמלעך — מתּנה.

# III. קלאַנג און אות

### 28

ווייע ניט, דוווינטעלע!
שטילער שטילער, הינטעלע!
און מויל פאַרבײַם דאָס צינגעלע!
שלאָפן וויל מײַן יינגעלע.

וויפיל ווערטער זײַנען פאַראַן אין דער ערשטער שורה פונעם ליד?

וויפיל טראַפן זײַנען אין דער ערשטער שורה פונעם ליד? אין דער צווייטער שורה? אין דער דריטער? אין דער פערטער?

וויפיל טראַפן האָט דאָס ערשטע וואָרט פון דער ערשטער שורה?

נעם די צווייטע שורה. רייד אַרוים לאַנגזאַם דעם ערשטן טראַף. פון וויפיל קלאַנגען באַשטייט דער טראַף?

פון וויפיל קלאַנגען באַשטייט דער צווייטער טראַף? פון וויפיל טראַפן באַשטייט דאָס וואָרט הינטעלע? פון וויפיל קלאַנגען באַשטייט יעדער טראַף אין דעם וואָרט?

| |
|---|
| די צאָל קלאַנגען אין טראַף קען זײַן פאַרשיידן. אין ריידן באַשטייט דאָס וואָרט פון קלאַנגען. אין שרײַבן ווערן די קלאַנגען באַצייכנט מיט אותיות. |

**29**

# די אותיות.

| | |
|---|---|
| א — אַלעף | ם — שלאָס=מעם |
| בּ — בּייז | נ — נון |
| ב — ווייז | ן — לאַנגע=נון |
| ג — גימל | ס — סאַמעך |
| ד — דאַלעד | ע — אײַען |
| ה — היי | פּ — פּיי |
| ו — וואָוו | פ — פיי |
| ז — זײַען | ף — לאַנגע=פיי |
| ח — כעס | צ — צאַדיק |
| ט — טעס | ץ — לאַנגע=צאַדיק |
| י — יוד | ק — קוף |
| כּ — קאָף | ר — רייש |
| כ — כאָף | ש — שין |
| ך — לאַנגע=כאָף | שׂ — סין |
| ל — לאַמעד | תּ — טאָף |
| מ — מעם | ת — סאָף |

**דער יידישער אַלעף=בייז האָט 32 אותיות.**

## 30

אַרבעט. 40. שרײַב אויס די ווײַטערדיקע ווערטער לויטן אַלעף־בײז: מישפּחה. כּלים. לערער. חכם. וואָלף. אַלמער. באַרגע. צירל. פויגל. ײַד. שײדל. שׂרה. גרוב. היי. תּנחום. פּינחס. דווירה. טיש. יומטוב. נאָז. סאָמנע. עמער.

41. שרײַב אויס לויטן אַלעף־בײז די נעמען פון די שילער אין דײַן קלאַס.

42. שרײַב אויס לויטן אַלעף־בײז די פאַמיליע־נעמען פון די שילער אין דײַן קלאַס.

43. שרײַב אויס לויטן אַלעף־בײז די נעמען פון די חיות, וואָס דו קענסט.

באַמערקונג. אויב עס וועט אויף עפּעס אַן אות פעלן אַ נאָמען, דאַרף מען אַזוי פאַרשרײַבן:
„אויף דעם אות... איז ניטאָ", אָדער:
„אויף דעם אות... ווײס איך ניט".

בעט דעם לערער, ער זאָל דיר ווײַזן, ווי אַזוי מען זוכט אויף אַ וואָרט אין ווערטערבוך.

בעט דעם לערער, ער זאָל דיר ווײַזן, ווי אַזוי מען צײלט לויט די אותיות פון אַלעף־בײז.

## 31

### די קינדער זעצן זיך אַרום טיש.

וויפיל טראַפן האָט דאָס ערשטע וואָרט? מיט וויפיל אותיות איז אָנגעשריבן דער טראַף? וויפיל קלאַנגען האָט דער טראַף? מיט וויפיל אותיות ווערט פאַרצײכנט יעדער קלאַנג?

באַטראַכט אויף דעם זעלבן אופן די ווײַטערדיקע ווערטער פון דעם זאַץ.

| |
|---|
| דאָס רוב ווערט אַ קלאַנג באַצייכנט מיט איין אות. |

## 32

### ווער וויל זען אַ משיקאַווע זאַך?

וויפיל טראַפּן האָט דאָס ערשטע וואָרט? וויפיל קלאַנגען האָט דער טראַף? מיט וויפיל אותיות ווערט באַצייכנט דער ערש־טער קלאַנג? מיט וויפיל דער צווייטער? מיט וויפיל דער דריטער?

וויפיל טראַפּן האָט דאָס צווייטע וואָרט? וויפיל קלאַנגען האָט דער טראַף? מיט וויפיל אותיות איז באַצייכנט דער ערשטער קלאַנג?

באַטראַכט די איבעריקע ווערטער: וויפיל טראַפּן זיי האָבן, וויפיל קלאַנגען אין יעדן טראַף און מיט וויפיל אותיות ווערט יעדער קלאַנג באַצייכנט.

| |
|---|
| פאַראַן קלאַנגען, וואָס ווערן באַצייכנט מיט צוויי אותיות. |

אַרבעט. 44. נעמען אויס אין די געגעבענע ווערטער די קלאַנגען, וואָס ווערן באַצייכנט מיט צוויי אותיות:

ריטשקעלע. סאַזשלקע. זשאַבע. טשאַמקען. פּיטשינ־קער. זשורנאַל. פּישטשען. טשעפּען. וואַלד. טשערעדע. זשוק. טשוואָק.

45. שרײַב איבער די אַלע ווערטער אין העפט און שטרײַך אונטער יענע אותיות, וואָס באַצייכענען צו־זאַמען איין קלאַנג.

33

# אלײנהילכערס.

לײען איבער גאַנץ שטיל די קלאַנגען, װאָס זײַנען באַצײכנט מיט די אותיות:

אַ, אָ, ו, י, ע, װ, יי, ײַ,

לײען זײ איבער אַ ביסל העכער.

לײען זײ איבער הויך.

לײען זײ איבער גאָר הויך.

באַטראַכט זיך: ס'איז געװען גרינג אַרויסצורײדן װי דו האָסט געװאָלט? צי האָט דיר עפּעס װאָס געשטערט? צי קענסטו דעם קלאַנג ציען װי לאַנג דו װילסט? און אַרויסרײדן קורץ?

באַמערק גוט, װי אַזױ דו האָסט געהאַלטן דאָס מויל, בשעת דו האָסט אַרויסגערעדט יעדן קלאַנג. צי האָסטו פאַרמאַכט די ליפּן אַרויסרײדנדיק די קלאַנגען? צי האָסטו פאַרדריקט די צײן?

טראַכט צו אַזעלכע װערטער, װאָס זאָלן זיך אָנהײבן מיט די קלאַנגען אַ, אָ, ו, י, ע, װ, יי, ײַ

די קלאַנגען אַ, אָ, ו, י, ע, װ, יי, ײַ קענען אַרויסגערעדט װערן אי שטיל אי הויך, אי לאַנג אי קורץ. בײַם אַרויסרײדן די אַלע קלאַנגען איז דאָס מויל אָפן, און די לופט גײט פון האַלדז פרײַ, אָן שום שטער. די אַלע קלאַנגען רופן זיך אלײנהילכערס.

ארבעט. 46. שרײַב אויס פון דײַן בוך אין העפט אַרײַן אַ 5—6 שורות און שטרײַך אונטער די אותיות, װאָס באַצײכענען אַלײנהילכערס.

47. טראַכט צו און פאַרשרײַב אַ צענדליק װערטער, װעלכע הײבן זיך אָן מיט אַלײנהילכערס.

ו — י.

די מוטער רופט איר קינד. די פֿור פּירט תבואה.
די נוס איז פֿול. דער ברודער איז געקומען צו פֿליען.
זאָל זײַן געזונט.

לייען איבער דעם ערשטן זאַץ. פֿאַרגלײַך די שרײַבונג פֿון די ווערטער מוטער און קינד. צי איז דער קלאַנג י אויסגעלייגט אין ביידע ווערטער אויפֿן זעלביקן אופֿן?

נעם דעם צווייטן זאַץ. פֿאַרגלײַך דעם אויסלייג פֿון דעם קלאַנג י אין די ווערטער פֿור און פּירט.

קוק זיך צו צום אויסלייג פֿון דעם קלאַנג י אין די ווײַטערדיקע זאַצן.

| |
|---|
| דער קלאַנג י ווערט אויסגעלייגט אויף צוויי אופֿנים: מיט אַ יוד און מיט אַ וואָוו. |

48. שרײַב איבער צו זיך אין העפֿט די ווײַטערדיקע זאַצן:

די מוטער רופֿט איר קינד. די פֿור פּירט תבואה.
די נוס איז פֿול. דער ברודער איז געקומען צו פֿליען.
וווּ ביסטו? מיר גלוסט זיך ניט צו ליגן אויף דער זון.
די שטוב איז פֿאַרשלאָסן. וואָס האָסטו צו מיר? עס בלאָזט אַ מילדער ווינט. זילבער איז ווײַס, קופּער איז רויט. די הוסט שטאַרק.

49. שרייב אויס פריער די ווערטער, ווו דער קלאַנג י איז אויסגעליינט מיט אַ יוד, דערנאָך די ווערטער, ווו דער קלאַנג י איז אויסגעליינט מיט אַ וואָוו.

50. קלער צו צו איין נייעם זאַץ אויף איטלעך וואָרט, וואָס דו האָסט אויסגעשריבן.

51. שרייב איבער אין העפט די ווייטערדיקע סלופּיקלעך:

| | |
|---|---|
| איין הוט — צוויי היט | איין קרוג — צוויי קריג |
| איין נום — צוויי נים | איין שוך — צוויי שיך |
| איין ברודער — צוויי ברידער | איין זון — צוויי זין |
| איין פּום — צוויי פּים | איין פּוקם — צוויי פּיקם |

52. שרייב איבער אין העפט די ווייטערדיקע סלופּיקלעך:

| | |
|---|---|
| איין טוך — צוויי טיכער | איין צונג — צוויי צינגער |
| איין בוך — צוויי ביכער | איין הון — צוויי הינער |
| איין רוט — צוויי ריטער | איין גרוב — צוויי גריבער |

53. שרייב איבער אין העפט די ווייטערדיקע סלופּיקלעך:

| | |
|---|---|
| איין פּור — צוויי פּורן | איין בלום — צוויי בלומען |
| איין זון — צוויי זונען | איין טון — צוויי טונען |
| איין ווונד — צוויי ווונדן | איין שול — צוויי שולן |

54. צו די ווערטער פון דער אַרבעט 51 קלער צו זאַצן: פריער צו די ווערטער וואָס מיט וואָוו, דערנאָך צו די ווערטער וואָס מיט יוד.

55. צו די ווערטער פון דער אַרבעט 52 קלער צו זאַצן: פריער צו די ווערטער וואָס מיט וואָוו, דערנאָך צו די ווערטער וואָס מיט יוד.

56. צו די ווערטער פון דער אַרבעט 53 קלער צו זאַצן.

35 ●

ע — י.

די מאַמע צינדט אָן די ליכט. דער שוסטער פֿאַר-
ריכט מיר די שטיוול.

גיב אַכט, ווי אַזוי עס זײַנען געשריבן די ווערטער: ליכט, פֿאַרריכט.

> עס טרעפֿן פֿאַלן, ווען פֿאַר דעם קלאַנג כ ווערט דער קלאַנג ע אויסגעלייגט ניט מיט אַן אײַען, נאָר מיט אַ יוד.

אַרבעט. 57. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן.

די קאַשע איז געדיכט. ער רופֿט מיך שפּאַצירן. ווו באַדסטו דיך? אין צימער ברענט אַ ליכט.

58. שרײַב אַרויס צו דיר אין העפֿט די ווערטער פֿון דער אַרבעט 57, ווו דער קלאַנג ע איז אויסגעלייגט מיט אַ יוד.

59. טראַכט צו אַ נײַעם זאַץ צו יעדן וואָרט, וואָס דו האָסט אויסגעשריבן פֿון דער אַרבעט 57.

36 *

יי — וי.

ביילע האָט צוגעשטעלט דעם לייטער צום בוים און איז אַרויפֿגעקראָכן גאַנץ הויך. דאָס קליינע קינד וויינט. ווו ווינט איר איצט? דער טײַך איז ברייט. גיט מיר אַ קילאָ ברויט.

פאַרגלײַך די שרײַבונג פון די ווערטער: בײלע, לײ־טער און בוים, הויך. צי איז דער קלאַנג יי אויסגעלייגט בײדע מאָל אויפן זעלביקן אופן?

נעם אין דעם צווייטן זאַץ דאָס וואָרט ווײַנט און אין דריטן דאָס וואָרט ווײַנט. פאַרגלײַך דעם אויסלייג פון די צוויי ווערטער.

קוק זיך צו צום אויסלייג פון דעם קלאַנג יי אין די אַנדע־רע זאַצן.

| |
|---|
| דער קלאַנג יי ווערט אויסגעלייגט אויף צוויי אופנים: מיט צוויי יודן און מיט וואָוו יוד. |

60. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

רייזל איז צוויי וואָכן געווען צו־גאַסט בײַ איר חברטע קריינדעלע. האָסט געזען, ווי אַזוי מען באַקט ברויט? אין טייג מוז מען אַרײַנלייגן הייוון, אַניט טויג ניט. איך פאַרשטיי זייער גוט אַלץ, וואָס דו מיינסט. לעבן דעם בוים שטייט אַ מיידעלע. גלייב מיר, אַז דו ביסט ניט גערעכט. דער זיידע איז שוין געקומען אַהיים. ווינטער הייצט מען דעם אויוון. די קוילן זײַנען רויט. לויף ניט גיך, וועסטו ניט רײַסן קיין שיך. מיר טוען ווײַ די אויגן.

61. שרײַב אויס פריער די ווערטער, וווּ דער קלאַנג יי איז אײַנגעלייגט מיט צוויי יודן, דערנאָך די ווערטער, וווּ דער קלאַנג יי איז אויסגעלייגט מיט וואָוו יוד.

62. קלער צו צי אײן נײַעם זאַץ אויף איטלעך וואָרט, וואָס דו האָסט אויסגעשריבן.

63. שרײַב איבער צו זיך אין העפט דאָס װײַטערדיקע סלופּיקל:

אײן בוים — צװײ ביימער

אײן פויגל — צװײ פייגל

אַ גרויסער בוים — אַ קלײן ביימעלע.

אַ גרויסער פויגל — אַ קלײן פייגעלע.

64. צו די װערטער פון דער אַרבעט 63 קלער צו זאָגן: פריער צו די װערטער װאָס מיט װאָװ־יוד, דערנאָך צו די װערטער װאָס מיט צװײ יודן.

> פאַרגעדענק, אַז װוּ עס שרײַבט זיך װאָװ יוד איז בעסער אַרויסצורײדן דעם קלאַנג אָי.

37

## מיטהילכערס.

די לערערין מירע האָט דערצײלט אַ פרײלעכע געשיכטע. די געשיכטע איז די קינדער אַזױ געפעלן געװאָרן, אַז דער גאַנצער קלאַס האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. אוי! אײַ! אײַ־אײַ־אײַ! האָבן אַלע זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן און געלאַכט.

די לערערין האָט געװאָלט אײַנשטילן דעם קלאַס, געמאַכט: ש־ש־ש, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. ענדלעך האָט די לערערין אויסגעשריען אויף אַ קול:

— שאַ!

האָבן זיך די קינדער באַרויִקט, און אין קלאַס איז געוואָרן שטיל.

די ווערטער אוי, אײַ קען מען אַרויסריידן אי שטיל אי הויך, מען קען זיי אַפילו אויסשרײַען אויך. פאַרוואָס? ווײַל זיי באַשטייען נאָר פון אַליינהילכערס.

צי קען מען דעם קלאַנג ש אויך אויסשרײַען? צי קען מען אים אַרויסריידן הויך?

וועלכן קלאַנג שרײַען מיר אַרויס הויך, ווען מיר שרײַען אויס דאָס וואָרט ש אַ?

---

פאַראַן קלאַנגען, וואָס פאַר זיך קענען זיי ניט הילכן הויך, סײַדן מיר ריידן זיי אַרויס צוזאַמען מיט אַן אַליינהילכער. די קלאַנגען, וואָס פאַר זיך אַליין קען מען זיי ניט אַרויסריידן הויך, רופט מען מיטהילכער.

---

אַרבעט. 65. רייד אַרויס די קלאַנגען ק, ל, אָ, ר, י, פּ, כ, וו, ו, ז, ע, אַ, פ, מ, נ. פּרוּוו אויס, וועלכן קלאַנג מען קען אויסשרײַען און וועלכן ניט. שרײַב אָן די אַליינהילכערס אין איין סלופּיקל, און די מיטהילכערס אין אַ צווייטן סלופּיקל.

## 38

## מיטהילכערס.

רייד אַרויס דעם קלאַנג פּ. וואָסערע טיילן מויל פאַרהאַלטן די לופט בײַם אַרויסריידן דעם קלאַנג?

רייד אַרויס דעם קלאַנג ל. וואָסערע טיילן מויל פאַרהאַלטן די לופט בײַם אַרויסריידן דעם קלאַנג?

רייד אַרויס דעם קלאַנג כ. וואָסערע טיילן מויל פאַרהאַלטן די לופט בײַם אַרויסריידן דעם קלאַנג?

וואָסערע טיילן מויל שטערן דער לופט פרײַ אַרויסצוגײן, בשעת דו רעדסט אַרויס דעם קלאַנג וו? דעם קלאַנג ט?

פרוּוו, צי קענסטו אַרויסריידן דעם קלאַנג פּ מיט אָפענע ליפּן? און דעם קלאַנג ל האַלטנדיק די צונג ווײַט פון גומען? און דעם קלאַנג יוו ניט צודריקנדיק די אונטערשטע ליפּ צו די אייבערשטע ציין?

| |
|---|
| די מיטהילכערס לאָזן זיך אַרויסריידן נאָר ווען מען פאַרהאַלט די לופט מיט די ליפּן, מיט די ציין, מיט דער צונג, מיטן גומען; מיט אַ פרײַען אָפענעם מויל קען מען זיי ניט אַרויסריידן. |

**39**

# מיטהילכערס.

פאַרדריק די ליפּן און רייד אַרויס דעם אַליינהילכער ו. — פאַרשרײַב דעם טראַף, וואָס איז אַרויס.

דריק צו די צונג צו די ציין און רייד אַרויס דעם אַליינ-הילכער ע. — פאַרשרײַב דעם טראַף, וואָס איז אַרויס.

פאַרדריק די נאָז און פּרוּוו אַרויסריידן דעם קלאַנג נ. — צי איז דער קלאַנג אַרויס דײַטלעך?

פאַרדריק די נאָז און פּרוּוו אַרויסריידן דעם קלאַנג מ. — צי איז ער אַרויס דײַטלעך?

דריק צו די אונטערשטע ליפּ צו די אייבערשטע ציין און לאָז אַרויס אַ קול. — פאַרשרײַב דעם קלאַנג, וואָס איז אַרויס.

רייד אַרויס דעם קלאַנג ג און באַטראַכט זיך, וואָסערע טיילן מויל דו האָסט געברויכט דערבײַ?

רייד אַרויס דעם קלאַנג ס. וואָסערע טיילן מויל האָסטו געברויכט?

די מיטהילכער זײַנען:

בּ ג ד ה ו ז ט י כ ל מ נ ס פּ פֿ צ ק ר ש

דער אות יוד קען באַצייכענען סײַ אַן אַליינהילכער, סײַ אַ מיטהילכער.

אַרבעט. 66. שרײַב אויס פון בוך צען שורות און שטרײַך אונטער די מיטהילכערס.

67. צו יעדן מיטהילכער טראַכט צו אַ וואָרט, וואָס זאָל זיך מיט דעם דאָזיקן מיטהילכער אָנהייבן.

40

## די בין.

בינעלע, בינעלע, האָניק מאַך!
נאָר דעם בינענשטאָק באַוואַך!
פֿאַראַן אַ בער, פֿאַראַן אַ בער,
וואָס ער ליבט דעם האָניק זייער.

באַמערק, וואָסערע קלאַנגען ווערן באַצייכנט מיט דעם אות אַלעף.

אַרבעט. 68. שרײַב אָן פינף ווערטער, אין וועלכע דער אות אַלעף באַצייכנט דעם קלאַנג אַ.

69. שרײַב אָן פינף ווערטער, אין וועלכע דער אות אַלעף באַצייכנט דעם קלאַנג אָ.

70. שרײַב אָן פינף ווערטער, אין וועלכע דער אות אַלעף באַצייכנט דעם קלאַנג ו (u).

> פֿאַראַן אותיות, וואָס קענען באַצייכענען פֿאַרשיידענע קלאַנגען.

## נ אָ כ ט.

זאַכט
רוקט זיך אָן די נאַכט;
געשטילט
און אין שלייער אײַנגעהילט.
איינזאַם ווערט
הימל און ערד.

באַמערק, וואָס פאַר אַ קלאַנג באַצייכנט דער אות אַלעף צום אָנהייב פון די ווערטער: און, אין, אײַנגעהילט, איינזאַם?

> ווען די אַליינהילכערס: וי וי יי ײַ קומען אין אָנהייב וואָרט, שרײַבט מען פאַר זיי אַן אַלעף, וועלכער ווערט ניט אַרויסגערעדט. דער דאָזיקער אַלעף רופט זיך שטומער.
> אין דעם צווייטן טייל פון אַ צונויפגעשטעלטן וואָרט בלײַבט דער אַלעף ווי אין אַ געוויינלעכן אָנהייב וואָרט, למשל: אינאיינעם, באַקאויוון, ריבאייזן.

41

## שטומער אַלעף.

70. שרײַב אויס און שטרײַך אונטער די ווערטער מיט דעם שטומן אַלעף: **ארבעט.**

קויפט, קויפט, קונים! איך האָב אײַך צו פאַרקויפן
אַ פערדעלע, אַ וועגעלע אויף רײַטן און אויף לויפן.
קומט דער אָוונט שטיל אַרויס און גייט אום גאַם־
אײַן, גאַם־אויס.

אַלע אייניקלעך עסן, נאָר איך איינער בין אַן אויסנאַם.
מען דאַרף זיך אַ ביסל צואײַלן!
לאָמיר אַלע אינאיינעם דעם רבין מקבל־פּנים זײַן.

אַרבעט. 71. טראַכט צו (אָדער זוך אויף אין דײַן בוך) צען ווער־טער מיט שטומע אַלעפן פאַר די אַליינהילכערס.

## 42

## שטומער אַלעף.

ווינט אַ באַבעצע אין וואַלד, מיט אַן אייניקל אין וואַלד. דו האָסט זיך אומזיסט געאײַלט. און יאָרן ציען, יאָרן פליען. ווו ס'איז אונדזער ווינונג, דאָרט איז אונ־דזער לאַנד. האָסט געגעבן אײַזיקן אײַנגעמאַכטס? ניין; איך האָב אים געוואָלט געבן, נאָר ער איז ניטאָ. שיפרה איז אַן איינאײנאיינציקע טאָכטער בײַ אירע על־טערן. זײַן הויט איז געוואָרן ווי אַ ריבאײַזן. מײַזועלע, מײַזועלע, נאַ דיר אַ ביינערנעם, גיב מיר אַן אײַזערנעם. זי איז רויט געוואָרן איבער די אויערן.

אַרבעט. 72. שרײַב איבער די זאַצן און שטרײַך אונטער די שטומע אַלעפן.

73. זוך אויף אין דײַן לייענבוך צען ווערטער מיטן שטומען אַלעף אין אָנהייב וואָרט (אָדער אין צו־נויפגעשטעלטע ווערטער) און שרײַב זיי אַרײַן צו דיר אין העפט.

74. טראַכט אַליין צו צען ווערטער מיטן שטומען אַלעף און שרײַב זיי אַרײַן אין העפט.

75. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די װײַטערדיקע װערטער:

| | |
|---|---|
| לאַנגאױער | פּרעסאײַזן |
| אױסאײדלען | פֿאַראײניקן |
| מױלאײזל | צװאײלן |
| פֿאַראײביקן | געאױקעט |
| אױבנאױף | הינעראײ |

43 *

## ענג, ענק.

1) װעלװל ברענגט מיר אַ טרונק װאַסער.

2) מעסט אױס דאָס צימער אין דער לענג און אין דער ברײט.

3) איך געדענק אַלץ, װאָס איך האָב געהערט.

4) די קינדער זיצן אױף די בענק.

לײען איבער דעם ערשטן בײַשפּיל. הער זיך צו, װי אַזױ עס רעדט זיך אַרױס דער קלאַנג פֿון דעם אות אײַען אין דעם װאָרט װעלװל? װי אַזױ רעדט זיך אַרױס דער קלאַנג פֿון דעם אות אײַען אין דעם װאָרט ב ר ע נ ג ט? גיב אַכט, װאָסערע קלאַנגען זײַנען נאָכן אײַען אין דעם װאָרט ב ר ע נ ג ט.

לײען איבער דעם צװײטן בײַשפּיל. פֿאַרגלײַך, װי אַזױ רעדט זיך אַרױס דער קלאַנג פֿון דעם אות אײַען אין דעם װאָרט מ ע ס ט און אין דעם װאָרט ל ע נ ג. װעלכע קלאַנגען זײַנען נאָך דעם אײַען אין דעם װאָרט ל ע נ ג. פֿאַרגלײַך דאָס װאָרט ב ר ע נ ג ט פֿונעם ערשטן בײַשפּיל מיטן װאָרט ל ע נ ג פֿונעם צװײטן בײַשפּיל.

נעם דעם דריטן בײַשפּיל. באַטראַכט דאָס וואָרט נעדענק: ווי אַזוי ווערט אַרויסגערעדט דער קלאַנג פון דעם אות אײַען און וואָסערע קלאַנגען גייען נאָכדעם. פאַרגלײַך מיט דעם וואָרט בענק פון פערטן בײַשפּיל.

> פאַר די באַהעפטונגען נג און נק ווערט דער קלאַנג ע׳ באַצייכנט מיטן אות אײַען.

אַרבעט. 76. שרײַב אוים אין העפט די ווײַטערדיקע ווערטער, דערנאָך קלער צו צו איין זאַך אויף איטלעך וואָרט:

בענקעלע, קרענקען, ענג, בענקסט, שענק, פֿאַרדענקען, ברענג.

# 44 ●

## ע.

1) נעם דעם וועג אויף רעכטס.
2) וועלוול, ברענג מיר אַ שערעלע.
3) ער עסט ברויט מיט קעז.
4) ב׳הער ניט, וואָס דו רעדסט.

לייען איבער דעם ערשטן בײַשפּיל. פאַרגלײַך, ווי אַזוי רעדט זיך אַרויס דער אות אײַען אין דעם וואָרט נעם און אין דעם וואָרט וועג.

לייען איבער דעם צווייטן בײַשפּיל. נעם די ווערטער וועלוול, ברענג, שערעלע. ווי אַזוי לייענט זיך דער אות אײַען אין דעם ערשטן, ווי אַזוי אין דעם צווייטן און ווי אַזוי אין דריטן וואָרט?

פאַרגלײַך אין דעם דריטן בײַשפּיל די ווערטער עסט און קעז, אין דעם פערטן בײַשפּיל די ווערטער הער און רעדסט.

דער אות אײַען באַצייכנט טײלמאָל דעם קלאַנג ע (e), טײלמאָל דעם קלאַנג עי (ej).

פאַרגעדענק: דאָס וואָרט זײער שרײַבט מען מיט צוויי יודן (אין ביידע טײַטשן): איך בין זײער מיד; די קינדער האָבן מיר געגעבן זײער בוך.

## 45

## ענג, ענק.

77. שרײַב איבער די זאַצן און שטרײַך אונטער די אײַענס, וואָס באַצייכענען דעם קלאַנג עי:

זאָל ער האָבן צו גערענקען. זאָל אים פעטער שניי=ער שענקען. בערעלע האָט געבענקט נאָך זיין קלײניקן פרײַנד. ביידע גלײַך זײַנען מיר אַרויסגעקראָכן פון דער פינצטערער ענגשאַפט. אַך, פינצטער איז מיר, ענג איז מיר דאָ. ער ברענגט דעם גרויסן בייגל אַהיים. בײַם וועבן ציען זיך די פעדעם אין דער לענג און אין דער ברייט. בײַ מיר איז אַרייגעפלאָכטן אַ סטענגע אין צאָפּ. מײַן פאָטער איז זײער אַ שטרענגער. מײַן בלײַער איז לענגער פאַר דײַנעם. הענג אויף דעם האַנטוך. שווענק מיר אויס דעם טאָפּ. מײַן פעטער איז פאַרשלאָפט געוואָרן אויף אַ געפּערלעכער קרענק. מײַן מומע האָט צוויי נעמען: עטע און מערע. בײַ אונדז אין גאָרטן וואַקסן מערן.

73. שרײַב איבער דאָס ליד און שטרײַך אונטער די אײַנעס, וואָס באַצייכענען דעם קלאַנג עי:

קומט דער האַרבסט, קומט דער האַרבסט,
שטייען ביימער גרייטע;
הענגען זייערע צווײַגעלעך
פול מיט עפּל רויטע.

טו איך צו די עפּעלעך
אַ גוט־מאָרגן ברענגען:
„זײַט איר ניט קיין שלעכטינקע,
ועט איר איינס מיר שענקען!"

46

# אַנג, אַנק.

1) יאַנקעלע וויל אַ יעגער זײַן.
2) אין פעלד וואַקסן זאַנגען.
3) דערלאַנג מיר דאָס בוך פון דער פּאָליצע!
4) מײַן ברודער איז קראַנק.

לייען איבער דעם ערשטן בײַשפּיל. ווי אַזוי ווערט געשריבן דער קלאַנג אַי אין דעם וואָרט יאַנקעלע? פאַרגלײַך מיט דעם וואָרט אַ אין דעם זעלביקן זאַץ. פאַר וועלכע מיטהילכערס שטייט דער אַלעף אין דעם וואָרט יאַנקעלע?

לייען איבער דעם צווייטן בײַשפּיל. פאַרגלײַך, ווי אַזוי עס שרײַבט זיך דער קלאַנג אַי אין דעם וואָרט זאַנגען און ווי אַזוי ער שרײַבט זיך אין דעם וואָרט יאַנקעלע? פאַרגלײַך מיט דעם אות אַלעף אין דעם וואָרט וואַקסן. פאַר וועלכע מיטהילכערס שטייט דער אַלעף אין דעם וואָרט זאַנגען?

לייען דעם דריטן בײַשפּיל. באַטראַכט דאָס וואָרט ד ע ר-
ל אַ נ ג.

באַטראַכט אין דעם פערטן בײַשפּיל דאָס וואָרט ק ר אַ נ ק.

| |
|---|
| אין כּלל באַצייכנט דער אות אַלעף (אַ) דעם קלאַנג אַ. נאָר פאַר די באַהעפטונגען נ ג און נ ק באַצייכנט דער אַלעף (אַ) דעם קלאַנג אַי. |

ארבעס. 79. שרײַב אויס פון דײַן לייענבוך פינף ווערטער, וואָס אין זיי ווערט דער קלאַנג אַי אויסגעלייגט מיט אַן אַלעף (אַ).

80. שרײַב איבער דאָס ליד און שטרײַך אונטער די אַלעפן, וואָס באַצייכענען דעם קלאַנג אַי:

## ג ע פ אַ נ ג ע ן.

דער פרילינג איז געקומען, דער שניי איז צעגאַנגען,
זיצט אין אַ שטײַגל אַ פויגל געפאַנגען.

עס קלינגען אויף פעלדער דעם שניטערס געזאַנגען...
זיצט אין אַ שטײַגל אַ פויגל געפאַנגען.

פינצטער ווערט דרויסן, די זון איז פאַרגאַנגען —
זיצט אין אַ שטײַגל אַ פויגל געפאַנגען.

די נאַכט איז געקומען, די פענצטער פאַרהאַנגען,
זיצט אין אַ שטײַגל אַ פויגל געפאַנגען.

81. שרײַב איבער די געגעבענע בײַשפּילן און שטרײַך אונטער דעם קלאַנג אַי (אויסגעלייגט מיט אַלעף) פאַר נג, נק:

וואקסט פון יעדן קינד אריין ביזן הימל צו דער־לאנגען. עס רייסט זיך ארויס פון מיין ברוסט א געזאנג אן ווערטער און אן א ניגון. שטורעם בייזער, זאג, וואס דו פארלאנגסט פון מיר. ער טוט א שפרונג אראפ פון באנק און ארויף אויפן פריפעטשיק. הער נאר, ברודער, וואס איך דארף: אקעראציזנום בלאנק און שארף. איך האב באקוקט די בילדער, וואס זיינען געהאנגען אויף די ווענט. מיר זיינען געגאנגען שפאצירן.

## 47

### מ י כ א ל י ע ק ו.

האב איך מיר א מיכאליעקו,
וווינט ער אויף דער לאנגער גאס.
מאכט ער מיר, וואס איך וויל,
מאכט ער מיר, וואס ער קען.
מאכט ער מיר א פייפעליו,
פייפעליו מאכט אזוי:
פליו פליו פליו, פליו פליו פליו—
מאכט דאס פייפעליו.

לייען איבער די ערשטע צוויי שורות. פארגלייך, ווי אזוי רעדט זיך ארויס די באהעפטונג פון די אותיות ל י אין דעם ווארט מ י־כ א ל י ע ק ו און דער אות ל אין דעם ווארט ל א נ ג ע ר? געפין אין דעם ליד נאך ווערטער מיט אזעלכע באהעפטונגען פון ל י און שרייב זיי איבער צו זיך אין העפט.

| |
|---|
| ווען דער קלאַנג ל פאַר אַן אַליינהילכער דאַרף אַרויסגערעדט ווערן ווייך, שרײַבט מען נאָכן לאַמעד אַ יוד. דאָס זעלביקע איז אויך מיט די מיטהילכערס ד ז ט נ ס. |

אַרבעט. 82. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און שטרײַך אונטער די אותיות, וואָס באַצייכענען אַ ווייכן מיט-הילכער:

מײַן פאָטער רופט מען ניאָמע, מײַן ייִדן פיניע, און מיך זיאַמעלע.

דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט: טיאָך, טיאָך, טיאָך.

דיאָם דיאָם, אויף יענער זײַט ים רײַסט מען זיך שוין פאַר די האָר.

מען האָט געשפּילט אין טעאַטער „כאַסיע די יתומה“.

איך האָב אַ חבר, רופט מען אים סיאָמע, זײַן מאַמען רופט מען פעסיע.

זיי זײַנען געווען גאָר קוצעניו-מוצעניו.

איך קען אַ ליד פון קאַדיע מאַלאָדאָווסקי.

## 48

## ווייכע מיטהילכערס.

מיר האָבן געלייענט וועגן מאָטל פּייסי דעם חזנס.

מאַניע, מאַניע, מאַנקעלע האָט אַ שיינע פּאָפּקעלע.

מײַן פעטער רייכערט אַ ליולקע.

קליינע מיידלעך שפּילן זיך אין ליאַלקעס.

אין מײַן בוך איז פֿאַראַן אַ ליד פֿון מאַני לייב, אַ ליד
פֿון משה קולבאַק און אַ ליד פֿון משה־לייב האַלפּערן.
מײַן חבֿרטעס שוועסטער רופֿט מען בעטי.
ליוסי, ליוסי, נאַ אַ גלעקל!

פֿאַר דעם אַליינהילכער י שרײַבט מען די ווייכע מיטהילכער אָן אַ יוד.
אַ ווייכן מיטהילכער צום סוף טראַף שרײַבט מען אויך אָן אַ יוד.

אַרבעט. 83. שרײַב איבער אין העפֿט די זאַצן פֿון דעם איצטיקן נומער.

**49**

**פּן.**

לעבן אונדז געפֿינט זיך דער „טראָפּן מילך".
די מאַמע האָט געבראַכט אַ לאַבן ברויט.
מיר האָבן אָנגעהויבן צו שרײַבן.
לייזער קען גוט קלעפּן.

נעם אין דעם ערשטן בײַשפּיל דאָס וואָרט טראָפּן. צעטייל עס אויף טראַפּן. פֿון וואָסערע קלאַנגען באַשטייט דער צווייטער טראַף? מיט וואָס פֿאַר אַן אות איז פֿאַרשריבן דער לעצטער קלאַנג?

נעם פֿון דעם צווייטן בײַשפּיל דאָס וואָרט לאַבן. געפֿין דעם צווייטן טראַף; גיב אַכט, ווי אַזוי עס רעדט זיך אַרויס דער לעצטער קלאַנג און ווי אַזוי ער איז פֿאַרשריבן.

טו דאָס אייגענע מיט די ווערטער האָבן, אָנגעהויבן, שרײַבן, קלעפּן פֿון דריטן און פֿערטן בײַשפּיל.

| |
|---|
| אין כּלל באַצייכנט דער אות נון דעם קלאַנג נ; נאָר ווען פֿ און ב זײַנען באַהאָפֿטן אין טראָף אָן אַ אַליינהילכער צווישן זיי, באַצייכנט דער נון דעם קלאַנג מ· |

אַרבעט. 84. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און שטרײַך אונטער, ווו דו הערסט נאָך אַ פֿיי דעם קלאַנג מ און דו שרײַבסט דעם אות נון:

די קינדער שטופּן זיך. די בעקער זיפּן מעל. מיר קלאַפּן אוים דעם שטויב פֿון די מאַטראַצן. די פֿישער כאַפּן פֿיש. מיר קלעפּן פֿון ליים. איר זאָלט ניט פֿאַר־קניפּן די שטריק. בלינדע געפּינען דעם וועג טאַפּנדיק. די מוטער זיצט צוקאָפּנס בײַ איר קראַנקן קינד. מײַן ברו־דער קען אויסזופּן אַ גאַנצן טעלער פּערלגרויפּן. בײַ ליפּן זײַנען אײַנגעריכט די ליפּן.

85. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און שטרײַך אונטער, ווו דו הערסט נאָך אַ בייז דעם קלאַנג מ און דו שרײַבסט דעם אות נון:

אין מײַן גאָרטן וואַקסן ריבן. מיר האָבן נעכטן גע־קליבן יאַגדעס אין וואַלד. די מאַמע האָט געהייסן ציפּען אָנשאָבן קאַרטאָפֿל. זאָג ליבען, זי זאָל אָנרײַבן כריין. די פֿאַסטעכער טרײַבן די קי אין פֿעלד אַרוים. ווײַן מאַכט מען פֿון ווײַנטרויבן. האָב איך אַ פּאָר טויבן, טויבן, וואָס זיי נייען הויבן. איך האָב געגעבן דער באָ־בען אַ מתּנה.

86. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די װײַטערדיקע װערטער:

| | | |
|---|---|---|
| קנײַפּן | שטעפּן | דראַפּען |
| צופּן | היפּן | קאַפּען |
| שטאָפּן | אײַנװאַפּן | קװאַפּען זיך |
| צאַפּן | שנאַפּן | טשעפּען |
| האָפּן | קעפּן | קאַלופּען |

87. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די װײַטערדיקע װערטער:

| | | |
|---|---|---|
| גלײבן | געבן | בעבען |
| לױבן | בלײַבן | דלובען |
| דערלױבן | װעבן | סקראָבען |
| גראָבן | לעבן | כליאָבען |
| אָנהײבן | זיבן | |

## 50

### פּ — ב.

אַרבעט. 88. שרײַב איבער דאָס װײַטערדיקע און שטרײַך דער־בײַ אונטער, װוּ דו הערסט אַ פּ:

צװײ ריפּן — אײן ריפּ

צװײ ליפּן — אײן ליפּ

צװײ זיפּן — אײן זיפּ

צװײ טרעפּן — אײן טרעפּ

מיר קלאַפּן — איר קלאַפּט

מיר קלעפּן — איר קלעפּט

זיי שטופּן — איר שטופּט

89. שרײַב איבער און גיב צו:

מיר שטאָפּן — דו שטאָפּסט

מיר צופּן — דו

מיר קנײַפּן — איר קנײַפּט

מיר פֿאַרקניפּן — איר

90. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און שטרײַך דערבײַ אונטער, ווו דו הערסט דעם קלאַנג פּ און דו שרײַבסט דעם אות ב י י ז:

דו שרײַבסט. ער וועבט. איר גראָבט. דו גלייבסט. ער לאָבט זיך. דער לערער לויבט מײַן אַרבעט. זי הייבט נים אָן צו וויסן. די מאַמע דערלויבט נים צו פּײַפֿן.

91. מאַך איבער די זעלבע ווערטער אַזוי, אַז עס זאָל זיך גאַנץ דײַטלעך הערן דער קלאַנג ב:

דו שרײַבסט — מיר שרײַבן

ער וועבט — מיר וועבן

איר גראָבט

דו גלייבסט

ער לאָבט זיך

ער לויבט

זי הייבט אָן

זי דערלויבט

> אין כּלל באַצייכנט דער אות ב ײ ז דעם קלאַנג ב און דער אות פּ ײ דעם קלאַנג פּ. אָבער פּאַר מיטהילכער טרעפט טײלמאָל, אַז עס הערט זיך פּ, און שרײַבן שרײַבט מען פונדעסטוועגן א ב ײ ז. כּדי צו וויסן, צי מען זאָל אויסלייגן דעם סָפקדיקן קלאַנג מיט א ב ײ ז אָדער אַ פּ ײ, דאַרף מען איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער סָפקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן אינגאַנצן דײַטלעך. אויב דאָרט, ווו ס'איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ב, איז אַ סימן, אַז ווו ס'איז דער סָפק דאַרף מען אויך שרײַבן אַ ביין.

## 51

### פּ — ב.

**אַרבעט.** 92. שרײַב איבער און דערקלער, פּאַרוואָס איז אין די ווײַטערדיקע ווערטער אָנגעשריבן פּ ײ אָדער ב ײ ן:

| | |
|---|---|
| זײַן ווײַבס — ווײַל ווײַבל | ליבסטער — ווײַל ליבער |
| לייבקע — ווײַל לייבע | גרעבסטער — |
| דאָבציע — | לײַבקאָליר — |
| ער בלײַבט — | שטויבפּאָרעם — |
| ער כאַפּט — | דו שטעפּסט — |
| זי טרײַבט — | דו הייבסט — |

93. שרײַב איבער און פֿאַרגרעניק די װײַטערדיקע װערטער:

| | | |
|---|---|---|
| אָפּ | האָפּ | ריפּס |
| אַראָפּ | היפּש | שניפּס |
| גאַלאָפּ | קליפּ־קלאַפּ | שעפּס |

94. שרײַב אויס פֿון די װײַטערדיקע זאַצן די װער־טער, װוּ דער סָפּקדיקער קלאַנג איז אויסגעלײגט מיט אַ ב י י ז:

אַז מען לעבט, דערלעבט מען. לײבקעס פֿאָטער איז אַ קאָרבפֿלעכטער. ער איז בײַ זײַן טאַטן דאָס ליבסטע קינד. די שפּין האָט אויסגעװעבט שפּינװעבס. די זאָקן זײַנען פֿון לײַבקאָליר. די מאַמע קלײַבט נחת פֿון איר געראָ־טענעם בָחור. דער טויבשטומער קען ניט ריידן און ניט הערן. ביילע טראָגט אוירינגלעך אין די אויערלעפּלעך. דאָס װאַסער איז לעבלעך, ניט קאַלט און ניט הײס. די גרעבסטע װאַנט אין הויז האַלט איין מעטער.

95. דערקלער, פֿאַרװאָס שטײט אין די אויסגעשריבענע װערטער פֿון דער אַרבעט 94 אַ ב י י ז, לויטן בײַשפּיל:

לעבט — װײַל מיר לעבן
דערלעבט — װײַל מיר דערלעבן
לײבקעס — װײַל לײבע.

**52 ●**

## פ — ב.

ארבעט. 96. שרײַב איבער און שטרײַך אונטער דעם אות ב י י ז:

| | |
|---|---|
| קאָרב — קערבעלע | הויב — הײַבעלע |
| באָב — בעבעלע | שטוב — שטיבעלע |
| ריב — ריבעלע | ווײַב — ווײַבעלע |
| טויב — טײַבעלע | שויב — שײַבעלע |
| איך לויב — מיר לויבן | איך טרײַב — מיר טרײַבן |
| איך האָב — מיר האָבן | איך רײַב — מיר רײַבן |

סוף וואָרט קען אויך זײַן אַ סָפק, צי מען זאָל אויס־לייגן דעם קלאַנג פּ מיט אַ פּיי אָדער מיט אַ בייז. דאַרף מען אויך אין דעם פאַל איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער סָפקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן דײַטלעך. אויב דאָרט, ווו ס'איז דײַטלעך, הערט זיך קלאַנג ב, איז אַ סימן, אַז ווו ס'איז דער סָפק דאַרף מען אויך שרײַבן אַ בייז.

ארבעט. 97. שרײַב איבער און דערקלער, פאַרוואָס איז אין די ווײַטערדיקע ווערטער אָנגעשריבן פּ יי אָדער ב י י ז:

| | |
|---|---|
| קנאָפּ — ווײַל קנעפּל | ריפּ — ווײַל ריפּן |
| שויב — ווײַל שויבן | באָב — |
| קלאַפּ — | גרוב — |
| טרויב — | גאָב — |
| הויב — | האָרב — |

98. שרײַב אויס פון די װײַטערדיקע זאַצן פריער די װערטער, װוּ דער ספּקריקער קלאַנג איז אויסגעלײגט מיט אַ פּ״י, און נאָכדעם די װערטער, װוּ דער ספּקדיקער קלאַנג איז אויסגעלײגט מיט אַ ב״ת:

די פראַגע איז זײער האַרב. פאַרװאָס האָסטו מיר געגעבן אַ שטופּ? ער איז אַרײַן אין שטוב. דער סלופּ איז אַ הויכער. מען דאַרף אַלײן קענען צונײען אַ קנאָפּ. דאָס װאַסער איז טריב. אין קלוב אַרבעט מען דרײַ מאָל אַ װאָך. איך האָב געמאַכט אַ קנופּ אין נאָז־טיכל, איך זאָל ניט פאַרגעסן די זאַך, װאָס מיר האָבן אָפּגערעדט. גיב אַ טאָפּ דײַן דעפּק. דער קאַרפּ איז פון די פיש, װאָס האָבן שופּן. װער עס גראָבט אַ גרוב אונטער זײַן חברס שטוב, פאַלט אַזוי פײַן אַלײן אין אים אַרײַן.

99. דערקלער, פאַרװאָס שטײט אין די אויסגעשריבענע װערטער פון דער אַרבעט 98 אַ פּ״י אָדער אַ ב״ת לויט די בײַשפּילן:

האַרב — װײַל האַרבער

שטופּ — װײַל שטופּן.

53

ט — ד.

100. שרײַב איבער אין העפט די װערטער: אַרבעט.

יודקע, דװידקע, זעלדקע, שילדקרויט, לאַנדקאַרטע, װאַלדפּאַלאַץ.

אין די אַלע ווערטער הערט זיך דער קלאַנג ט פאַר די קלאַנגען ק און פּ, און שרײַבן שרײַבט מען פונדעסטוועגן דעם אות דאַלעד. פאַרוואָס?

יודקע — ווײַל יודע

דזוידקע —

זעלדקע —

שילדקרויט—ווײַל שילדן

לאַנדקאַרטע —

וואַלדפּאַלאַץ —

זײַדקראָם —

101. שרײַב איבער אין העפט און דערענדיק לויט די בײַשפּילן:

געזונט — געזונטערהייט

קליין — קליינערהייט

קראַנק —

שטיל —

ניכטער —

פאַרשלאָפן —

102. שרײַב איבער אין העפט און פאַרענדעק:

קרובים רופן זיך אַנדערש פרײַנט. מיר זײַנען מיט אים שטיקלעך פרײַנטלעך.

ער איז מײַנער אַ גוטער פרײַנד. מיר באַגריסן זיך מיט אים זייער פרײַנדלעך. זי איז מײַנע אַ פרײַנדין.

עס בלאָזט אַ שאַרפער ווינט. עס וויייט אַ קיל ווינטעלע.

ווי און ווינד איז מיר, וואָס איך האָב ניט קיין קוואַרטיר.

זינט ער איז אַריבער אין צווייטן קלאַס, האָט ער אָנגעהויבן צו לייענען אַ סך ביכער.

עס איז אַ זינד ניט צו העלפן דעם חבר.

## 54

### ט — ד.

אַרבעט. 103. שרײַב איבער און שטרײַך אונטער דעם אות דאַלעד:

| | |
|---|---|
| קלייד — קליידעלע | באָד — בעדער |
| שווערד — שווערדל | ראָד — רעדער |
| מויד — מיידל | שמיד — שמידן |
| באָרד — בערדל | פעלד — פעלדער |
| איך רעד — מיר רעדן | ווילד — ווילדער |
| איך שנײַד — מיר שנײַדן | איך לײַד — מיר לײַדן |
| | איך קלייד — מיר קליידן |

סוף וואָרט קען אויך זײַן אַ ספק, צי מען זאָל אויסלייגן דעם קלאַנג ט מיט אַ טעס אָדער מיט אַ דאַלעד. דאַרף מען אויך אין דעם פאַל איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער ספקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן דײַטלעך. אויב דאָרט, וווּ ס'איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ד, איז אַ סימן, אַז וווּ ס'איז דער ספק דאַרף מען אויך שרײַבן אַ דאַלעד.

אַרבעט. 104. שרייב איבער און דערקלער, פאַרוואָס איז אין די ווייטערדיקע ווערטער אָנגעשריבן טעס אָדער דאַלעד:

| | |
|---|---|
| ראָד — וויל רעדל | פעלד — וויל פעלדער |
| באָד — | העכט — |
| שמיד — | צאַרט — |
| ווינט — | האַרט — |
| ערד — | באָרד — |
| בלוט — | האַנט — |
| העלד — | ראַנד — |

105. שרייב אויס פון די ווייטערדיקע זאַצן פריער די ווערטער, ווו דער ספּקדיקער קלאַנג איז אויסגעלייגט מיט אַ טעס, און נאָכדעם די ווערטער, ווו דער ספּקדיקער קלאַנג איז אויסגעלייגט מיט אַ דאַלעד:

דער רייטער רייט איבערן פעלד. פון יענער זייט וואַלד ציט זיך אַ וועג. עס בלאָזט אַ לינד ווינטעלע. מיין ברודער הייסט דאָוויד. אונדזערע פריינט פון אַמעריקע זיינען געקומען צו פאָרן: אַ פעטער, אַ מומע און אַ שוועסטערקינד. קומט דער ליבער זומער, שפילן מיר אין זאַמד. נאָכן שניט בלייבט דאָס פעלד פוסט און וויסט. דער שמיד וועט צושלאָגן דעם פערד צוויי פאַטקעוועס.

106. דערקלער, פאַרוואָס שטייט אין די אויסגעשריבענע ווערטער פון דער אַרבעט 105 אַ טעס אָדער אַ דאַלעד לויטן ביישפּיל:

פעלד — וויל פעלדער

זייט — וויל זייטל

לינד — וויל לינדער.

## 55

## טס.

ארבעס. 107. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווערטער:

**דו טרעטסט, דו טראַכטסט, דו שיטסט.**

אין די אַלע ווערטער הערט זיך דער קלאַנג צ, און שרײַבן שרײַבט זיך פונדעסטוועגן טעס סאַמעך. פאַרוואָס?

דו טרעטסט — ווײַל מיר טרעטן

דו טראַכטסט — ווײַל מיר טראַכטן

דו שיטסט — ווײַל מיר

דו בײַטסט — ווײַל מיר

דו בראָטסט — ווײַל מיר

דו גרייטסט — ווײַל מיר

108. שרײַב איבער און אַנדערש איבער לויטן בײַשפּיל:

מיר היטן — דו היטסט

מיר רײַטן — דו

מיר האַלטן — דו

מיר טרעטן — דו

מיר בעטן — דו

מיר וועטן זיך — דו

מיר קנעטן — דו

מיר באַלייטן — דו

109. שרײַב אַרײַן צו זיך אין העפט און דערקלער, פאַרוואָס איז אין די שיטער געדרוקטע ווערטער אָנגעשריבן אַ טעס, לויט די בײַשפּילן:

ער גייט רעכטס — ווײַל אַ רעכטער
ער טוט מיר שלעכטס — ווײַל אַ שלעכטער
אַל דאָס גוטס — ווײַל
זײַן פּנים איז אַרויטס — ווײַל
דעם העכטס קאָפּ — ווײַל
דער בלוטסטראָפּן — ווײַל
מײַן פרײַנדס הויז — ווײַל
דעם יאַטס קונצן — ווײַל
גאַנטס וועלט — ווײַל
ער איז דער עלטסטער — ווײַל
דעם הונטס בילערײַ — ווײַל

## 56

### דס.

אַרבעט. 110. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווערטער:

דו שנײַדסט, דו רעדסט, דו באָדסט.

אין די אַלע ווערטער הערט זיך דער קלאַנג צ, און שרײַבן שרײַבט זיך פונדעסטוועגן דאַלעד סאַמעך. פאַרוואָס?

דו שנײַדסט — ווײַל מיר שנײַדן
דו רעדסט — ווײַל מיר ריידן
דו באָדסט — ווײַל מיר
דו לײַדסט — ווײַל מיר
דו לאָדסט — ווײַל מיר
דו בינדסט — ווײַל מיר

111. שרײַב איבער און אַנדערש איבער לויטן בײַשפּיל:

מיר ווענדן — דו ווענדסט
מיר זידן — דו
מיר קליידן — דו
מיר באַשיידן — דו
מיר שמידן — דו
מיר בלענדן — דו
מיר שינדן — דו
מיר גרינדן — דו

112. שרײַב אַרײַן צו זיך אין העפט און דערקלער, פֿאַרוואָס איז אין די אונטערגעשטראָכענע ווערטער אָנגעשריבן אַ ד אַ ל ע ד, לויטן בײַשפּיל:

דעם שמידס טעכטער — ווײַל שמיד
דָווידס פידעלע — ווײַל דָווידל
דעם העלדס גבורה — ווײַל
מײַן פרײַנדס געטרײַשאַפט — ווײַל

## 57

## דט.

רבעס. 113. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווערטער:

ער שנײַדט, ער רעדט, ער באָדט.

אין די אַלע ווערטער הערט זיך דער קלאַנג ט, און שרײַבן שרײַבט זיך פונדעסטוועגן דאַלעד טעס. פאַרוואָס?

ער שנײַדט— ווײַל מיר שנײַדן

ער רעדט — ווײַל מיר ריידן

ער באָדט — ווײַל מיר

ער לײַדט — ווײַל מיר

ער לאָדט — ווײַל מיר

ער בינדט — ווײַל מיר

114. שרײַב איבער און דערענדיק לויטן בײַשפּיל:

מיר ווענדן — ער ווענדט

מיר זידן — ער

מיר קליידן — ער

מיר באַשיירן — ער

מיר שמידן — ער

מיר בלענדן — ער

מיר שינדן — ער

מיר גרינדן — ער

## 58

## יק.

אַרבעס. 115. שרײַב אַרײַן אין העפט די ווערטער:

ליכטיק, ציכטיק, פּרעכטיק, וויכטיק, שטויביק, זוניק, לעבעדיק, לוסטיק, זודיק, ווייניק, ווײַניק.

116. שרײַב איבער אין העפט די ווערטער פון דער אַרבעט 115 און דערענדיק לויט די בײַשפּילן:
ליכטיק — אַ ליכטיקער
ציכטיק — אַ ציכטיקער

117. דערמאָן זיך און פאַרשרײַב אין העפט נאָך פינף ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף -יק.

118. זוך אויס אין דײַן לייענבוך און שרײַב איבער צו זיך אין העפט נאָך צען ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף -יק.

119. שרײַב אַרײַן צו זיך אין העפט די ווערטער:

נעכטיקן, מעכטיקן זיך, באַרעכטיקן, פאַראייביקן, באַוויליקן, אויסליידיקן, פאַרברודיקן.

120. זוך אויס אין דײַן לייענבוך און שרײַב איבער צו זיך אין העפט נאָך פינף ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף -יקן.

121. שרײַב איבער אין העפט און פאַרגעדענק:

צוואַנציק, דרײַסיק, פערציק, פופציק, זעכציק, זיבעציק, אַכציק, נײַנציק.

צענדליק, האָניק, ווײטיק, שלימעזאַלניק, קאָלבויניק, האָרעפּאַשניק.

122. שרײַב איבער אין העפט די ווערטער און פאַרגעדענק, ווי אַזוי מען לייגט זיי אויס:

זונטאָג, מאָנטאָג, דינסטאָג, דאָנערשטאָג, פרײַטאָג, מיטאָג.

| |
|---|
| אין די ווערטער זונטאָג, מאָנטאָג, דינסטאָג, דאָנערשטאָג, פרײַטאָג, מיטאָג הערט זיך צום סוף יק, נאָר עס שרײַבט זיך אַלעף גימל. |

**59**

## ק — ג.

לייען איבער די ווערטער און הער זיך אײַן, ווי אַזוי דו רעדסט זיי אַרויס:

**ווינשטול, טאָגסדר, וואָגשאָל, צונגפעלער, לונגפעלער, זינגפויגל, יונגפרוי.**

---

| |
|---|
| פאַר מיטהילכער טרעפט טייל מאָל, אַז עס הערט זיך דער קלאַנג ק, און שרײַבן שרײַבט מען פונדעסטוועגן אַ גימל. כּדי צו וויסן, צי מען זאָל אויסלייגן דעם ספקדיקן קלאַנג מיט אַ גימל אָדער מיט אַ קוף, דאַרף מען איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער ספקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן אינגאַנצן דײַטלעך. אויב דאָרט, ווו ס'איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ג, איז אַ סימן, אַז ווו ס'איז דער ספק דאַרף מען אויך שרײַבן גימל. |

ארבעט. 123. שרײַב אַרײַן צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע ווערטער און דערקלער, פאַרוואָס איז אָנגעשריבן גימל, לויט די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| ווינשטול — ווײַל ווינן | יונגפרוי — ווײַל |
| טאָגסדר — ווײַל טעגלעך | ברעגשטאָט — ווײַל |
| צונגפעלער — ווײַל | שפרינגפעדער — ווײַל |
| לונגפעלער — ווײַל | פרעגצייכן — ווײַל |
| זינגפויגל — ווײַל | טאָגטעגלעך — ווײַל |
| | ענגשאַפט — ווײַל |

124. באמערק, ווי אזוי עס זײַנען אויסגעלייגט די ווײַטער־דיקע ווערטער, און שרײַב זיי אַרײַן צו זיך אין העפט:

גרינגקייט, שטרענגקייט, ענגקייט, לאַנגקייט, זייגקינד.

אין די אַלע ווערטער איז אָנגעשריבן נימל קוף, כאָטש עס הערט זיך דער קלאַנג ק. פאַרוואָס?

גרינגקייט — ווײַל גרינגער

שטרענגקייט — ווײַל שטרענגער

ענגקייט — ווײַל ענגער

זייגקינד — ווײַל זייגן

125. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע ווערטער און דערקלער לויט די בײַשפּילן:

ער טראָגט — ווײַל מיר טראָגן

ער זינגט — ווײַל מיר זינגען

ער קלאָגט — ווײַל

דו בייגסט — ווײַל

זי קלינגט — ווײַל

דו שווײַגסט — ווײַל

ער לייגט — ווײַל

ער לײַגט — ווײַל

126. שרײַב איבער צו זיך אין העפט און דערענדיק לויטן בײַשפּיל:

מיר פרעגן — איר פרעגט

מיר זאָגן — ער

מיר ברענגען — ער

זיי זייגן — ער

מיר וועגן — ער
זיי וויגן — ער
מיר נאָגן — זי
זיי ליגן — איר

באַמערק דעם אונטערשייד:

ווי געגעכטיקט, ווי געטאָגט — ווײַל טאָגן.
די אַרבעט איז אַרויס ווי געטאָקט — ווײַל טאָקן.

די תבואה וואַקסט אויף די פעלדער — ווײַל וואַקסן.
דו וואַגסט צו טאָן אַזאַ זאַך! — ווײַל וואַגן.

ער זינקט אײַן אין בלאָטע — ווײַל זינקען.
ער זינגט אַ ליד — ווײַל זינגען.

## 60 •

## ק — ג.

127. שרײַב איבער און שטרײַך אונטער דעם אות גימל:

| | |
|---|---|
| קלאָג — קלאָגן | זעג — זעגן |
| טאָג — טעגלעך | לעמבערג — לעמבערגער |
| וועג — וועגן | געיעג — יעגער |
| ברעג — ברעגן | ווײַסצײַג — צײַגענער |
| איך מעג — מיר מעגן | איך שווײַג — מיר שווײַגן. |

איך דערוועג זיך — מיר דערוועגן זיך.

סוף וואָרט קען אויך זיין אַ סָפק, צי מען זאָל אויס־
לייגן דעם קלאַנג ק מיט אַ קוף אָדער מיט אַ גימל. דאַרף
מען אויך אין דעם פאַל איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי,
אַז דער סָפקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן דײַטלעך. אויב
דאָרט, ווו ס׳איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ג, איז אַ סימן,
אַז ווו ס׳איז דער סָפק דאַרף מען אויך שרײַבן גימל.

ארבעט. 128. שרײַב איבער און דערקלער, פאַרוואָס איז אין די
ווײַטערדיקע ווערטער אָנגעשריבן קוף אָדער גימל:

| | |
|---|---|
| ציג — ווײַל ציגן | שטײַג — ווײַל שטײַגל |
| פויק — ווײַל פײַקל | קלוג — ווײַל קלוגע |
| באַרג — | שטעג — |
| גרינג — | שטעקשיך — |
| פלינק — | באָק — |
| געזאַנג — | בריק — |
| | רינג — |

129. שרײַב אויס פון די ווײַטערדיקע זאַצן פריער די
ווערטער, ווו דער סָפקדיקער קלאַנג איז אויס־
געלייגט מיט אַ קוף, און נאָכדעם די ווערטער,
ווו דער סָפקדיקער קלאַנג איז אויסגעלייגט מיט
אַ גימל:

דער ברעג יַם איז באַדעקט מיט זאַמד. ער מטשע־
פּעט ניט קיין פליג אויף דער וואַנט. ער איז אַ יונג מיט
ביינער. וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. ער
האָט געבעטן אַ טרונק. ער גייט אַרום שלינג און שלאַנג.
מען מעג שוין גיין אַהיים. דערלאַנג מיר דעם קרוג. זאָל
זײַן גענוג.

130. דערקלער, פאַרוואָס שטייט אין די אויסגעשריבענע ווערטער פון דער אַרבעט 129 אַ קוף אָדער אַ גימל, לויט די בײַשפּילן:

ברעג — ווײַל ברעגן

פליג — ווײַל פליגן

131. שרײַב איבער אין העפט און דערגענדיק לויט די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| אַכטן — אַכטונג | באַפרײַען — באַפרײַונג |
| באַשרײַבן — באַשרײַבונג | צירן — |
| באַגריסן — | באַפּוצן — |
| קליידן — | פאַרבינדן — |
| רעכענען — | וווינען — |
| פאַרשפּרייטן — | שטרעבן — |

132. שרײַב איבער אין העפט און דערגענדיק לויט די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| גאָלד — גאָלדוואַרג | קליין — קליינוואַרג |
| זילבער — | אַלט — |
| גלאָז — | יונג — |

באַמערק דעם אונטערשייד:

ער גייט אין וועג — ווײַל וועגן.

וועק אים אויף — ווײַל וועקן.

ער גייט אויסגעפּוצט ווי אַ טאָק — ווײַל טאָקן.

עס איז אַריבער דער טאָג — ווײַל טעגלעך.

דער פּויער פירט זעק מיט מעל — ווײַל זעקלעך.

דער פּויער האָט אַ זעג — ווײַל זעגן.

**61**

**פ — וו.**

די ווערטער: דו פרוווסט, ער פרוווט, איר פרוווט, גע־פרוווט שרייבט מען מיט צוויי וואָוון, כאָטש הערן הערט זיך דאָ דער קלאַנג פ. פאַרוואָס?

ווייל: מיר פרוּוון.

דאָס וואָרט בריווקאַסטן שרייבט מען אויך מיט צוויי וואָוון, כאָטש הערן הערט זיך דער קלאַנג פ. פאַרוואָס?

ווייל: בריוול.

**62 ●**

**פ — וו.**

פאַרגעדענק, אַז די ווערטער בריוו, פרוּוו, ראָוו שרייבט מען מיט צוויי וואָוון, כאָטש הערן הערט זיך דאָ דער קלאַנג פ. פאַרוואָס?

בריוו — ווייל בריוול

פרוּוו — ווייל פרוּוון

ראָוו — ווייל ראָוון.

133. פאַרשרייב אין העפט די פראַגע און ענטפער אָפּ (ניט מיט ציפער, נאָר מיט אותיות):

וויפיל איז דריי מאָל פינף?

וויפיל איז צוויי מאָל צוועלף?

וויפיל איז דריי מאָל עלף?

פאַרגעדענק: פינף, צוועלף, עלף.

134. שרײַב איבער אין העפט:

דער אויוון איז הייס. דער רעגן פאַלט פון אויבן.

פאַרגעדענק: אויוון. אויבן.

135. טראַכט צו נאָך דרײַ זאַצן, ווו מען שרײַבט אויוון, און דרײַ זאַצן, ווו מען שרײַבט אויבן.

## 63

## ס — ז.

לייען איבער די ווערטער און הער זיך אײַן, ווי אַזוי דו רעדסט זיי אַרויס:

נאָזטיכל. גלאָזקעסטל. ווײַזפינגער. קעזקוכן. אײַזקאַסטן.

פאַר מיטהילכער טרעפט טיילמאָל, אַז עס הערט זיך דער קלאַנג ס, און שרײַבן שרײַבט מען פונדעסטוועגן דעם אות זײַען. כדי צו וויסן, צי מען זאָל אויסלייגן דעם ספקדיקן קלאַנג מיט אַ זײַען אָדער אַ סאַמעך, דאַרף מען איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער ספקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן אינגאַנצן דײַטלעך. אויב דאָרט, ווו ס'איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ז, איז אַ סימן, אַז ווו ס'איז דער ספק דאַרף מען אויך שרײַבן זײַען.

אַרבעט. 136. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע ווערטער און דערקלער, פאַרוואָס איז אָנגעשריבן אַ זײַען, לויט די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| נאָזטיכל — ווײַל נעזל | קעזקוכן — ווײַל |
| הויזפרײַנד — ווײַל הײַזער | אײַזקאַסטן — ווײַל |
| גלאָזקעסטל — ווײַל | אויסלייזגעלט — ווײַל |
| שפּיזטרעגער — ווײַל | רײַזקאַשע — ווײַל |

137. שרײַב איבער צו זיך אין העפט: אײנציקװײַז, פּאָר־װײַז, טײלװײַז, שורותװײַז, משונענערװײַז, מחנות־װײַז, הױפנװײַז, עמערװײַז, יונגלװײַז.

> פֿאַרגעדענק, אַז אין פּאָרװײַז, טײלװײַז, עמערװײַז שרײַבט מען צום סוף אַ זײַען.

138. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן װאָרט, װאָס איז געגעבן אין דער אַרבעט 137.

139. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די װערטער און דערקלער לױט די בײַשפּילן:

ער װײַזט — װײַל מיר װײַזן

דו לײזט — װײַל מיר לײזן

ער גרײַזט — װײַל

דו בלאָזט — װײַל

ער לאָזט — װײַל

140. שרײַב איבער צו זיך אין העפט און דערע:דיק לױטן בײַשפּיל:

| | |
|---|---|
| מיר מוזן — איר מוזט | מיר ברױזן — עס ברױזט |
| מיר הױזן — איר | מיר רײַזן — זי |
| מיר באַגלאָזן — ער | מיר קרײַזן אַרום — איר |

באַמערק דעם אונטערשײד:

ער װײַסט די װאַנט — װײַל װײַסן

ער װײַזט דעם װעג — װײַל װײַזן

ער רײַזט איבער לענדער — װײַל רײַזן

ער רײַסט פּאַפּיר — װײַל רײַסן

**64 ●**

## ס — ז.

ארבעט. 141. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע ווערטער און באַ- מערק, ווי דו שרײַבסט אַ זײַען, כאָטש דו רעדסט אַרויס דעם קלאַנג ס:

| | |
|---|---|
| האָז — האָזן | גרײַז — גרײַזן |
| הויז — הײַזער | מויז — מײַזל |
| ברויז — ברײַזער | נאָז — נעזל |
| קלויז — קלויזן | גלאָז — גלעזל |
| בלייז — בלייזן | לאָז — לאָזן |

סוף וואָרט קען אויך זיין אַ ספק, צי מען זאָל אויס- לייגן דעם קלאַנג ס מיט אַ סאַמעך אָדער אַ זײַען. דאַרף מען אויך אין דעם פאַל איבעראַנדערשן דאָס וואָרט אַזוי, אַז דער ספּקדיקער קלאַנג זאָל זיך הערן דײַטלעך. אויב דאָרט, וווּ ס׳איז דײַטלעך, הערט זיך דער קלאַנג ז, איז אַ סימן, אַז וווּ ס׳איז דער ספק דאַרף מען אויך שרײַבן זײַען.

ארבעט. 142. שרײַב איבער און דערקלער, פאַרוואָס איז אין די ווײַ- טערדיקע ווערטער אָנגעשריבן סאַמעך אָדער זײַען:

| | |
|---|---|
| גלאָז — ווײַל גלעזער | רים — |
| היים — ווײַל הייסער | קעז — |
| האָז — | געדרום — |
| גראָז — | שאָם — |
| נאָז — | מויז — |
| ריז — | נום — |

143. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט, וואָס איז פאַראַן אין דער אַרבעט 142.

## 65

לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און קוק זיך איין, ווי־אַזוי זיי זײַנען אָנגעשריבן:

קינדערלעך, זײַט פריילעך! די מאַמע האָט דרײַ יינגעלעך, דרײַ יינגעלעך געהאַט מיט ווייכע רויטע בעקעלעך ווי צאַרטער סאַמעט גלאַט. און די גויים און די יידן לעבן גליקלעך און צופרידן. מענדעלעס פערדל איז בלינדלעך אויף איין אויג.

קוק זיך איין, ווי אַזוי עס זײַנען אָנגעשריבן די ווערטער:

| | |
|---|---|
| קינדערלעך | פריילעך |
| יינגעלעך | גליקלעך |
| בעקעלעך | בלינדלעך |

**די ענדונג לעך ווערט אַלעמאָל אויסגעלייגט לאַמעד אײַען לאַנגע־כאָף.**

אַרבעט. 144. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

אונטער די גרינינקע ביימעלעך שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך. ס׳איז געוואַקסן אַ קליינע מאַרגאַריטקע מיט זילבערנע בלעטלעך. איך וועל אײַך דערציילן אַ מעשׂה.

מיט פינף אַרבעסלעך. די מאַמע האָט אַהיימגעבראַכט
צוויי ניסעלעך און מיך; צוויי ניסלעך פֿאַר די ברידער=
לעך און מיר צוויי נײַע שיך.

145. שרײַב איבער צו זיך אין העפט און דערענדיק לויט
די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| שטיבל — שטיבלעך | שיסעלע — שיסעלעך |
| שיכל — | הײַזעלע — |
| ווענטל — | לידעלע — |
| ביכל — | מיידעלע — |
| הענטל — | ווינטעלע — |

146. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט
145.

147. שרײַב איבער צו זיך אין העפט און דערענדיק לויט
די בײַשפּילן:

| | |
|---|---|
| שוואַרץ — שוואַרצלעך | פונקט — פּינקטלעך |
| זים — | גליק — |
| ביטער — | ענד — |
| זויער — | היים — |
| האַרט — | |

148. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט
147.

**66**

## זיך.

בערל: שלאָג זיך ניט!

חַיים: וואָס אַרט עס דיך, אַז איך שלאָג זיך?

בערל: מאַמע! חַיים שלאָגט זיך!

נעפין דאָס באַטאָנטע וואָרט אין דער ערשטער שורה. צי איז אין דער שורה אויך דאָס וואָרט זיך באַטאָנט?

צי איז אין דער צווייטער שורה באַטאָנט דאָס וואָרט זיך?

באַמערק, ווי אַזוי ווערט דאָס וואָרט זיך אַרויסגערעדט ווען עס איז יאָ באַטאָנט און ווי אַזוי ווען עס איז ניט באַטאָנט. גיב אַכט אויף דעם אונטערשייד.

הער זיך אײַן, וואָס עס איז געוואָרן מיט דעם וואָרט זיך אין דער דריטער שורה, ווען פאַר אים קומט דער קלאַנג ט.

---

> דאָס וואָרט זיך דאַרף אַרויסגערעדט ווערן פאַרשיידן לויט דעם ווי דאָס וואָרט שטייט אין זאַץ: צי איז עס באַטאָנט אָדער ניט, צי שטייט פאַר אים דער קלאַנג ט אָדער ניט.
>
> אויסלייגן אָבער דאַרף מען דאָס וואָרט שטענדיק אויף איין אופן: **זײַען יוד לאַנגע־כאָף**

---

ארבעט. 149. לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן און שרײַב איבער צו זיך אין העפט:

פריער די זאַצן, ווו זיך איז באַטאָנט;

דערנאָך די זאַצן, ווו זיך איז ניט באַטאָנט און גיסט זיך צונויף מיט אַ פריערדיקן ט

צום סוף יענע זאַצן, ווו זיך איז ניט באַטאָנט און גיסט זיך ניט צונויף מיט אַ פריערדיקן ט.

אַ מענטש, וואָס טראַכט נאָר וועגן זיך, רופט מען עגאָיִסט. האָט עס זיך אַ ביסל געטאָן אין שטעטל! גייסט זיך זומער באָדן, טרינקסטו זיך אין טײַך; גייסט זיך ווינטער גליטשן, טוסטו פאַלן גלײַך. ווי אַזוי עס מאַכט זיך, איז רעכט. מיר דוכט זיך, אַז דער טאַטע איז שוין געקומען אַהיים. וועסט גיין שפּאַצירן? עס ווענדט זיך, ווי אַזוי ס'וועט זײַן דער וועטער. וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּוצט? וואַש זיך, ערד, און וואַש זיך, הימל; וואַשט זיך, פעלדער, און זײַט ריין!

150. קלער צו פינף זאַצן, ווו זיך איז ניט באַטאָנט און גיסט זיך צונויף מיט אַ פריערדיקן ט.

67

## אויף.

אַ פײַערל ברענט אויף דעם פּריפּעטשיק.
די זון גייט אויף אין מיזרח-זײַט.

באַמערק, ווי אַזוי ווערט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט אויף אין דעם ערשטן זאַץ און ווי אַזוי אין דעם צווייטן, גיב אַכט אויף דעם אונטערשייד

צי איז פאַראַן אַן אונטערשייד אין אויסלייגן?

> דאָס וואָרט אויף דאַרף אַרויסגערעדט ווערן פאַרשיידן לויט דעם ווי עס שטייט אין זאַץ.
> אויסלייגן אָבער דאַרף מען דאָס וואָרט שטענדיק אויף איין אופן: אַלעף וואָוו יוד לאַנגע-פיי.

אַרבעט 151. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

אויף דעם הויכן באַרג, אויף דעם גרינעם גראָז שטייען אַ פּאָר דײַטשן מיט די לאַנגע בײַטשן. איך האָב פאַרשפּעטיקט אויף דער לעקציע. הייב אויף דאָס ביכל. איך שטיי אויף זיבן אַ זייגער. אויף פּסח נייט מען מיר אויף אַ נײַעם בגד. עטל זיצט אויפן שטול. ער גייט אויף און אָפּ. ער איז שוין אויף פון זעקס אינדערפרי.

152. שרײַב איבער די ווערטער:

| | |
|---|---|
| אויפשטיין | אויפרײַסן |
| אויפגיין | אויפברעכן |
| אויפהייבן | אויף כאַפּן זיך |
| אויפנייען | אויפנעמען |

153. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט 152.

154. שרײַב איבער צו זיך אין העפט:

| | |
|---|---|
| אויף דעם טיש | אויף דער באַנק |
| אויף דער ערד | אויף דער גאַס |
| אויפן הימל | אויפן קאָפּ |
| אויף דער לבנה | אויף דער פור |

155. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדער שורה פון דער אַרבעט 154.

68

## אַ ר ו י ף.

מאָטל קריכט אַרויף אויפן באַרג.

באַמערק, ווי אַזוי עס איז אויסגעלייגט דאָס וואָרט אַ ר ו י ף.

| |
|---|
| דאָס וואָרט אַ ר ו י ף דאַרף מען שטענדיק אויסלייגן: |
| **אַלעף רייש וואָוו יוד לאַנגע־פּיי.** |

אַרבעט. 156. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

יאַנקל גייט אַרויף אויפן בוידעם. מאָטל שטעלט אַרויף דאָס בוך אויף דער פּאָליצע. דער וואָגן פאָרט אַרויף און אַראָפּ. דער פויער וואַרפט אַרויף דאָס האָלץ אויף דער פור.

157. שרײַב איבער די ווערטער:

| | |
|---|---|
| אַרויפלייגן | אַרויפשטעלן |
| אַרויפציען | אַרויפשאַרן |
| אַרויפקריכן | אַרויפרופן |
| אַרויפטראָגן | אַרויפשיטן |

158. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט 157.

69

## פ ו נ אַ נ ד ע ר.

דער גאַנצער קלאַס האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

באַמערק, ווי אַזוי עס איז אָנגעשריבן פ ו נ אַ נ ד ע ר.

| |
|---|
| אין וואָרט פונאַנדער שרײַבט מען אַלעמאָל אַ וואָוו נאָכן פּיי. |

.159 שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע אַרבעט־זאַצן:

פונאַנדערנעמען אַ זייגער איז ניט פון די גרינגע זאַכן. דער בריוונטרעגער טראָגט פונאַנדער די בריוו. איך האָב זיך פונאַנדערגעפרעגט בײַ די פויערים, אין וואָסער ריכ־טונג איך זאָל גיין צו דער שטאָט צו.

.160 שרײַב איבער די ווערטער:

| | |
|---|---|
| פונאַנדערטרײַבן | פונאַנדערוואַרפן |
| פונאַנדערשיטן | פונאַנדערטיילן |
| פונאַנדערוויקלען | פונאַנדערוויינען זיך |

.161 טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט 160.

70

## צונויף, צוזאַמען.

דער לערער האָט צונויפגענומען די העפטן.
דער לערער האָט צוזאַמענגענומען די העפטן.

באַמערק, ווי אַזוי עס איז אָנגעשריבן צונויף, צוזאַמען.

| |
|---|
| אין די ווערטער צונויף, צוזאַמען שרײַבט מען אַלעמאָל אַ וואָוו נאָכן צאַדיק. |

ארבעס. 162. שרײַב איבער אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

פונאַנדערנעמען אַ זייגער איז שווער, אָבער צונויפּ־שטעלן איז נאָך שווערער. הײַנט האָט מען צונויפגערופן אַלע שילער פון ערשטן, צווייטן און דריטן קלאַס; מען דאַרף זיך צוזאַמענריידן וועגן דער אַרבעט אין קלוב. בערל לייגט צונויף די ביכער און גייט אַוועק אַהיים.

163. שרײַב איבער די ווערטער:

| | |
|---|---|
| צוזאַמענמישן | צונויפנייען |
| צוזאַמענשטעלן | צונויפטראָגן |
| צוזאַמענקומען | צונויפדרייען |

164. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַרבעט 163.

## 71

## צו, צע.

לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן:

די געסט וועלן באַלד צופאָרן צו אונדזער שטוב.
אַט זײַנען זיי שוין צוגעפאָרן.
מאָרגן וועלן זיך די געסט ווידער צעפאָרן.

נעם די ווערטער:

צופאָרן
צוגעפאָרן
צעפאָרן,

באַמערק, ווו עס שטייט דער אַקצענט אין יעדן פון די דרײַ ווערטער. באַמערק, ווי אַזוי די ווערטער זײַנען אויסגעלייגט.

> ווען מען וויל וויסן, צי מען דאַרף אויסלייגן צו אָדער צ ע, איז פאַראַן אַזאַ סימן: אויב אויף דעם טראַף שטייט דער אַקצענט, לייגט מען אויס מיט אַ **וואָוו**; אויב אויף דעם טראַף שטייט נ י ט דער אַקצענט, לייגט מען אויס מיט אַן **אײַען**.

ארבעט. 165. שרײַב איבער צו זיך אין העפט:

זעט, ווי צעפּאַליעט איר זײַט און צעפּלאַמט. פאַר־וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן? דאָס מיידעלע האָט ניט גע־וווּסט דעם וועג, האָט זי געבעטן אַ פאַרבײַגייער, ער זאָל זי צופירן אַהיים. הערשעלעס האָר זײַנען אַלעמאָל צעשוי־בערט. דו דאַרפסט צוטראַכטן דרײַ ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיטן קלאַנג ש. דער מאַגנעט האָט צוגעצויגן דאָס שטיקל אײַזן. דער שניי איז צעגאַנגען. דער שילער איז צוגעגאַנגען צום טאָוול.

166. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווערטער:

| | |
|---|---|
| צוגנבענען | צעברעכן |
| צובינדן | צעדראַפּען |
| צופּאַסן | צעבליען זיך |
| צוטוליען זיך | צעקריגן זיך |

167. טראַכט צו אַ זאַץ צו יעדן וואָרט פון דער אַר־בעט 166.

> פאַרגעדענק, אַז דאָס וואָרט צ ו פ ר י ד ן לייגט מען אויס מיט אַ **וואָוו**.

168. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

און די גוים און די ייִדן לעבן גליקלעך און צופֿרידן. דער לערער איז צופֿרידן פֿון מײַן לערנען. ער איז אַ צו־פֿרידענער אַוועק אַהיים.

169. טראַכט צו פֿינף זאַצן, ווו עס באַנוצט זיך דאָס וואָרט צופֿרידן.

## 72

### בײַ.

לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן:

איך האָב אָנגעגרייט פֿאַר דיר אַ מתּנה, נאָר איך האָב זי ניט בײַ מיר. בײַ אונדז אין שטוב זײַנען פֿאַראַן שלום־עליכמס ווערק.

> ווען בײַ איז אַ באַזונדער וואָרט, לייגט מען עס אַלעמאָל אויס: בײַ צווײ־יודן, אַלץ איינס צי ס׳שטייט אויף דעם וואָרט דער אַקצענט אָדער ניט.

ארבעט. 170. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

בײַ וואָסער זײַטל האַלט איר הײַנט? ער האָט מיר געוויזן אַזוינס, וואָס איך האָב בײַ מיר אינדערהיים קיין־מאָל ניט געזען. מיר האָדעווען אַ פֿייגעלע בײַ אונדז אין קלאַס. מײַן ברודער איז זיך אַזוי פֿיל אָנגעגאַנגען, אַז די שיך האָבן זיך בײַ אים צעריסן.

171. טראַכט צו און שרײַב אַרײַן אין העפט פֿינף זאַצן, וווּ ס׳באַנוצט זיך דאָס וואָרט בײַ.

**73**

## בײַ — באַ.

לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן:

**איך האָב באַקומען אַ פײַנע מתּנה.**
**איך קען דיר ניט בײַקומען.**

באַמערק דעם אונטערשייד אין דער אויסשפּראַך און אין אויסלייג פון די צוויי ווערטער:

באַקומען
בײַקומען

ווו שטייט דער אַקצענט אין דעם ערשטן וואָרט? ווי אַזוי איז דאָס וואָרט אָנגעשריבן?

ווו שטייט דער אַקצענט אין דעם צווייטן וואָרט? ווי אַזוי איז עס אָנגעשריבן?

> אויב דער טראָף בײַ, באַ איז אַ טייל פון אַן אַנדער וואָרט, איז דער כּלל פון אויסלייגן אַזאַ: אויב אויף דעם דאָזיקן טראָף שטייט דער אַקצענט, שרײַבט מען ביז צוויי־יודן; אויב אויף דעם דאָזיקן טראָף שטייט ניט דער אַקצענט, שרײַבט מען ביז אַלעף.

ארבעט. 172. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די ווײַטערדיקע זאַצן:

הײַנט האָט מײַן מאַמע באַזוכט אונדזער שול; זי איז בײַגעווען אויף דער לעקציע בײַ אונדז אין קלאַס. לאה האָט באַשריבן דעם נעכטיקן שפּאַציר. מען האָט די גאַנצע גאַס באַפּלאַנצט מיט ביימער. וואָס ביסטו אַזוי באַטריבט? מען דאַרף ריידן נאָר וועגן דעם עיקר,

די בײַװאַכן מעגסטו אויסנלאָזן. די געסט האָבן באַשײנט די שימחה. שרײַב אַװעק אַ בריװ און לײג בײַ אַ פּאָסט־מאַרקע אויף אַן ענטפֿער.

173. שרײַב אַרויס אין אײן סלופּיקל די װערטער, װאָס הײבן זיך אָן מיט ב א, אין אַ צװײטן סלופּיקל די װערטער, װאָס הײבן זיך אָן מיט ב ײַ.

174. קלער צו צו איטלעך װאָרט פֿון די בײדע סלופּיקלעך אַ נײַעם זאַץ און שרײַב אַרײַן די זאַצן צו זיך אין העפֿט.

---

## IV. באַטײַט פון ווערטער

### 74

### זאַכן.

דעם פעטער מענדלס טאָכטער האָט חתונה. האָט די מומע מערע אָנגעגרייט כיבוד. זי האָט אָנגעבאַקן טאָרטן, לעקעך, פלאָדן, אַלערליי אַנדערע געבעקס.

דער פעטער האָט אָנגעקויפט מעד און ווײַן.

מען האָט צעשיקט בריוו צו דעם זיידן, צו דער באָבען, צו דעם פעטערס און דער מומעס ברידער און שוועסטער, זיי זאָלן קומען. אָט וועט עס זײַן פרייליך!

ארבעט. 175. שרײַב אויס די נעמען פון די לעבעדיקע זאַכן באַזונדער, און די נעמען פון די ניט-לעבעדיקע זאַכן ווידער באַזונדער.

### פייגל, פיש, אינזעקטן.

העכט, פליג, פלאָטקע, בין, גאַנדז, ענטל, פרײַס, שפערל, הון, קאַרפ, פלאָנדערקע, זשוק, אָדלער, בושל, שפין, סאָלאָוויי.

176. שרײַב אויס באַזונדער די נעמען פון די פייגל, די נעמען פון די פיש, די נעמען פון די אינזעקטן.

## א י ן  ג אָ ר ט ן.

אָט האָט איר מערן,
קעפּעלעך דיקע און עקעלעך דינע.
אָט האָט איר ריבן
און אוגערקעס שטײַפע און גרינע.
אָט האָט איר שורות
מיט קעפּ קרויט אויף די בייטן,
געוויקלט אין קרויזן,
אָט האָט איר גילדענע רויזן
און זיסינקן אַרבעס אין האָריקע שויטן.

177. שרײַב אויס די נעמען פון די גרינסן.

---

די ווערטער, וואָס באַטײַטן נעמען פון זאַכן, רופן זיך **זאַכווערטער**.

---

178. שרײַב אָן צען זאַכווערטער, וואָס באַטײַטן נעמען פון קליידער.

179. שרײַב אָן צען זאַכווערטער, וואָס באַטײַטן נעמען פון מעבל.

180. שרײַב אויס פון דײַן לייענבוך צוואַנציק זאַכ-ווערטער.

## 75

## ר ע ט ע נ י ש ן.

1) אַ פּאַנע, אַזאַ פּאַנע: זיצט אויפן דאַך און רייבערט אַ ליולקע.

א ליולקע.

2) אַ פּאַנע, אַזאַ פּאַנע: דרייט זיך אַרום, דרייט זיך אַרום און שטעלט זיך אין אַ ווינקעלע.

אויף וואָס פאַר אַ וועג האָבן מיר געפונען דעם באַשייד פון די רעטענישן?

מיר האָבן באַטראַכט די טוונגען.

אַרבעס. 181. שרייַב איבער דאָס ווייַטערדיקע און שטרייַך אונטער די ווערטער, וועלכע באַצייכענען טוונגען:

זיצט דער פעטער אויפן טיש
טערקיש־תּמעוואַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

---

די ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ טוונג, רופן זיך טוּ־ווערטער. אַנדערש רופט מען זיי נאָך צייַטווערטער.

---

182. שרייַב אויס די טוּווערטער (צייַטווערטער) פון די ווייַטערדיקע זאַצן:

דאָס קינד שלאָפט. דאָס שטייַגעלע הענגט. דער טיש שטייט. דער טייַך שטראָמט. דאָס צווייַגעלע וויגט זיך.

183. שרייַב צו טוּווערטער (צייַטווערטער) צו די ווייַטערדיקע זאַכווערטער:

| | |
|---|---|
| דער שנייַדער . . . | דער בוים . . . . . . |
| דער שוסטער . . . | דער קוימענקערער . . |
| דער לערער . . . | דער סטאָליער . . . . |
| דער תּלמיד . . . . | דער שאָפער . . . . . |
| דאָס פייַפל . . . . | דער הונט . . . . . . |

184. טראַכט צו טוונגען, וואָס זאָלן באַצייכענען דעם היפּך פון די ווײַטערדיקע טוווערטער:

קויפן, עפענען, געפינען, ענטפערן, נעמען, רייניקן, אָנטאָן, קריגן זיך, אַנטשלאָפן ווערן, צונויפקלײַבן, צונויפנייען.

185. שרײַב אויס פון דײַן לייענבוך צען טוווערטער.

186. דערמאָן זיך צען טוווערטער און פאַרשרײַב זיי צו זיך אין העפט.

## 76

## נאָך רעטענישן.

**אַ פאַנע, אַזאַ פאַנע: זיצט אויפן דאַך און רייכערט אַ ליולקע.**

וואָס זײַנען דאָס פאַר ווערטער: זיצט, רייכערט?

**אַ פאַנע, אַזאַ פאַנע: עס ווינט אונטער דער פּאָדלאָגע, קליין און לאַנגעקיק.**

וואָס איז ווינט פאַר אַ וואָרט?

צי זײַנען קליין, לאַנגעקיק אויך באַצייכענונגען פון טוונגען?

די ווערטער קליין, לאַנגעקיק באַצייכענען אייגנשאַפטן.

**אַ פאַנע, אַזאַ פאַנע: עס צעגייט אין די הענט און עס סקריפּעט אונטער די פיס און ס'איז ווײַס און קאַלט.**

וואָסערע ווערטער זײַנען צעגייט, סקריפּעט?

צי זײַנען די ווערטער ווײַס, קאַלט אויך טוווערטער?

וואָס באַצייכענען די ווערטער ווײַס, קאַלט?

| |
|---|
| ווערטער, וואָס באַצייכענען אייגנשאַפטן, רופט מען אייגנשאַפטווערטער. |

77

# פייגעלעס ליאַלקע.

פייגעלע שפּילט זיך מיט דער גרויסער ליאַלקע. די ליאַלקע טראָגט אַ רויט היטעלע מיט שוואַרצע סטענ־געס, אַ לאַנג בלאָ קליידל ביז די פּיאַטעס, ברוינע שיך און אַ ראָזע שלייפל אויפן האַלדז.

אייגעלעך האָט זי בלאָנקע, האָר טונקעלע, בעקע־לעך ווייסינקע.

ארבעט. 187. שרייב אויס פון דער דערציילונג אַלע אייגנשאַפט־ווערטער.

188. טראַכט צו אייגנשאַפטן צו די זאַכווערטער:

די טינט, דאָס פּאַפּיר, דער טיש, דער קוימען, דער ווינטער, דער זומער.

זוכצעטל פאַר די וואָס קענען נים צוטראַכטן:
קאַלטער. הילצערנער. ווייסע. שוואַרצע. הייסער. הייכער.
ביישפּיל: די שוואַרצע טינט.

189. טראַכט צו אייגנשאַפטן, וואָס זאָלן באַטייטן דעם הפך פון די ווייטערדיקע אייגנשאַפטווערטער:

ווייס, הויך, וואַרעם, גרויס, זאַט, מאָגער, פריילעך, גוט, לאַנג, יונג, נײַ.

190. שרייב אויס פון דיין לייענבוך צוואַנציק אייגנ־שאַפטווערטער.

191. דערמאָן זיך פינף אייגנשאַפטווערטער, וואָס באַ־צייכענען אַ קאָליר.

192. דערמאָן זיך צען אייגנשאַפטווערטער, וואָס באַצייכענען דעם שטאָף, פון וועלכן אַ זאַך איז געמאַכט.

ביישפּיל: הילצערנער...

## 78

איינס, צוויי,
דרײַ, פיר,
וואָס מיר זײַנען
זײַנען מיר.

כאָטש מיר זײַנען
יונג און קליין,
ווי די העלדן
דאַרף מען גיין.

פינף, זעקס
זיבן, אַכט,
נישט געוויינט
און נישט געלאַכט.

נישט געשטאַנען,
נאָר נישט שטיין!
נישט געלאָפן!
גיין, נאָר גיין.

וועלכע ווערטער פון דעם ליד באַטײַטן אַ צאָל?

צוועלף קליינע שיינע הינדעלעך האָט אויסגעפירט די הון. הײַנט איז דער ערשטער טאָג אין שול. די צוויי חדשים וואַקאַציע זײַנען אַריבער ווי אין אַ חלום. איך האָב איבערגעלייענט אַ ביכל פון אַכט און אַכציק זײַטן. מיר האָבן שוין דורכגעמאַכט אין דער גראַמאַטיק הונ־דערט צוויי און נײַנציק אַרבעטן. די מאַמע האָט דרײַ ייִנגעלעך, דרײַ ייִנגעלעך געהאַט. דאָס דריטע קליינע ייִנגעלע, דאָס דריטע — דאָס בין איך. דו קענסט די מעשה מיט פינף אַרבעסלעך?

אַרבעט. 193. שרײַב אויס פון די אָקאָרשט געגעבענע זאַצן אַלע ווערטער, וואָס באַטײַטן אַ צאָל.

| |
|---|
| די ווערטער, וואָס באַטײַטן אַ צאָל, רופט מען צאָל־ווערטער. |

194. שרײַב אָן צאָלווערטער פון איינס ביז צוואַנציק.
195. שרײַב אָן צאָלווערטער פון אַכציק ביז נײַנציק.
196. שרײַב אָן צאָלווערטער לויטן מוסטער:

| | |
|---|---|
| איינס — דער ערשטער | צוואַנציק — |
| צוויי — | פינף און צוואַנציק — |
| דרײַ — | הונדערט — |
| פיר — | הונדערט צען — |
| פינף — | דרײַ הונדערט פופצן — |
| צען — | טויזנט — |

## 79

## אין מענאַזשעריע.

די מאַמע איז נעכטן אַוועק מיט מיר אין מענאַ-זשעריע. האָב איך זיך דאָרט אָנגעזען! אין איין גרויסן זאַל איז געווען אַ לייב, אַ בער, אַ וואָלף, אַ לעמפּערט, אַ פוקס. אין אַ צווייטן זאַל זײַנען געווען אַלערליי פייגל. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָב איך געזען אָדלערס, שפּאַרבערס, פּאָפּוגײַען, פינגווינען, קוקאַווקעס.

ארבעט. 197. רעכן אויס בײַ זיך אין העפט, וואָסערע חיות דו האָסט געזען אין מענאַזשעריע. דערנאָך רעכן אויס, וואָסערע פייגל דו האָסט דאָרט געזען.

די מאַמע האָט אײַנגעקויפט פאַר מיר ביכער, העפטן, פעדערס, בלײַערס.

לייען איבער דעם זאַץ אויף אַ קול.
צי לייענסטו דעם גאַנצן זאַץ מיט איין קול אָדער דער קול הייבט זיך און פאַלט?

וואָסערע זאַכן האָט די מאַמע איינגעקויפט?

דורך וואָסערע צייכנס זיינען אָפּגעטיילט די ווערטער, וואָס באַצייכענען די אויסגערעכנטע זאַכן?

> ביים אויסרעכענען עטלעכע זאַכן נאָכאַנאַנד שטעלט מען קאָמעס צווישן אַלע ווערטער, וואָס ווערן אַרויסגערעדט מיטן זעלבן טאָן.

## 80

1) די מאַמע האָט איינגעקויפט פאַר מיר ביכער העפטן, פעדערס, בלייערס.

2) די מאַמע האָט איינגעקויפט פאַר מיר ביכער, העפטן, פעדערס און בלייערס.

לייען איבער ביידע זאַצן אויף אַ קול.

צי ווערט דאָס וואָרט פעדערס אַרויסגערעדט ביידע מאָל מיטן זעלבן טאָן?

צוליב וואָסער וואָרט, וואָס איז דאָ צוגעקומען, האָט זיך דער טאָן געביטן?

צי איז נאָכן וואָרט פעדערס אין צווייטן זאַץ געבליבן די קאָמע?

> אויב ביים אויסרעכענען עטלעכע זאַכן נאָכאַנאַנד קומט דאָס וואָרט און צווישן די צוויי לעצטע ווערטער פון דער אויסרעכענונג, ווערט פאַר און קיין קאָמע ניט געשטעלט.

81

די וועשין וואַשט ציכלעך, לײַלעכער, העמדער, האַנ־טיכער, נאָזטיכלעך. איך האָב ליב אַ המצאה, אַ שפּיצל, אַ ווערטל. די הימלען זענען אוים פּאַרוויינט, טריב, מוטנע. מען האָט אים געלערנט, געוויזן, געעצהט. אויף אַן עקס־קורסיע נעמט מען מיט אַ לאַנגן שטעקן, אַ רוקזאַק, אַ מע־סער, אַ קעסטל שוועבעלעך, אַ קעשענע־לעמפּל.

ארבעט. 198. לייען איבער די זאַצן אויף אַ קול. דערנאָך שרײַב זיי איבער צו זיך אין העפט, אַרײַנשטעלנדיק און צווישן די לעצטע צוויי ווערטער פון דער אויסרעכענונג. האָב אין זינען די כּללים פון קאָמע.

199. שטעל אַוועק ווו נייטיק די קאָמעס אין די ווײַטער־דיקע זאַצן:

אין אונדזער לייענבוך זײַנען פאַראַן לידער פון פּרצן רייזענען אײַנהאָרנען פרוגן קווימקאָן און מאַני לייבן. דער טאַטע איז געקומען זיך אַרומגעוואַשן איבערגעלייענט די צײַטונג און זיך געזעצט עסן. מיר האָבן קרובים אין ווילנע אין וואַרשע אין פּאַריז און אין ניו־יאָרק. די קינדער האָבן מאַרשירט פריילעך לעבעדיק צופרידן. אויף די גאַסן פאָרן אויטאָמאָבילן טראַמווײַען דראָשקעס מאָטאָציקלען ראָווערס. טרויעריק פינצטער און קאַלט איז די נאַכט.

| |
|---|
| פאַראַן נאָך כּללים ווען צו שטעלן אַ קאָמע. וועגן דעם וועלן מיר לערנען שפּעטער. |

**82**

## צ ו ו י י פ ו נ ק ט

די מאַמע האָט אײַנגעקויפט פאַר מיר אַ סך זאַכן: ביכער, העפטן, פעדערס און בלײַערס.

פאַרגלײַך דעם זאַץ מיטן צווייטן זאַץ פון נומער 80. וואָסערע ווערטער ווײַנען דאָ צוגעקומען?

הער זיך אײַן, מיט וואָס פאַר אַ קול דו רעדסט אַרויס די ווערטער אַ ס ך ז אַ כ ן. עס איז אַזוי ווי דו וואָלטסט אָנזאָגן, אַז אָט גייסטו אויסרעכענען די אַלע זאַכן.

וואָסער צייכן איז אַוועקגעשטעלט נאָכן אָנזאָג, פאַר דער אויסרעכענונג?

> אויב פאַרן אויסרעכענען עטלעכע זאַכן נאָכאַנאַנד קומט פריער אַ וואָרט, וואָס זאָגט אָן, אַז באַלד וועט גיין אַן אויסרעכענונג, שטעלט מען צווישן דעם אָנזאָג-וואָרט און די עצם אויסרעכן-ווערטער אַ צ ו ו י י פ ו נ ק ט.

אַרבעט. 200. לייען איבער די ווײַטערדיקע זאַצן אויף אַ קול. דערנאָך שרײַב זיי איבער צו זיך אין העפט, דורכלאָזנדיק די ווערטער, וואָס זאָגן אָן, אַז באַלד גייט אַן אויסרעכענונג. האָב אין זינען, וואָסער צייכן עס דאַרף דעמאָלט אַרויספאַלן:

ער האָט אָפּגעהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך: זונטאָג, מאָנטאָג, דינסטאָג, מיטוואָך, דאָנערשטאָג, פרײַטאָג. די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין פאַרשיידענע שפּילן: באַהעלטערלעך, קאַמער-קאַמער-הויז און קאַץ-און-מויז. בײַ אונדז אין שול-קאָאָפּעראַטיוו קען מען קויפן וואָס מען

דאַרף נאָר: אַ פעדער, אַ מעקער, אַ קלעפּהעפט, אַ פּאַר־שניצער. מיר ווייסן שוין אַזוינע צייכנס: פּינטל, אויסרופֿ־צייכן, פֿרעגצייכן, קאָמע, צווייפּונקט. מײַן טאַטע קען רייִדן אויף דרײַ שפּראַכן: ייִדיש, פּויליש און דײַטש.

201. שרײַב איבער צו זיך אין העפט די זאַצן, וואָס מיט זיי הייבט זיך אָן דער נומער 81, צוגעבנדיק אַן אָנזאָג־וואָרט פֿאַר דער אויסרעכענונג. געדענק וועגן דעם צייכן, וואָס דאַרף צוקומען.

ביישפּיל: איך האָב ליב חכמות: אַ המצאה, אַ שפּיצל, אַ ווערטל.

202. שרײַב אויס צו זיך אין העפט באַזונדער די מאַנס־בילשע נעמען און באַזונדער די פֿרויען־נעמען לויטן אָנגעוויזענעם ביישפּיל:

חיים חנה בער רייזל דינה הינדע סענדער ליזע גיטע סאָניע עליע גבריאל שיינע שיפֿרה יצחק ביינוש אסתּר

ביישפּיל:

מאַנסבילשע נעמען: חיים...

פֿרויען־נעמען: חנה...

203. דערשרײַב די ווײַטערדיקע זאַצן:

מיר האָבן פֿיר צײַטן פֿון יאָר:

אין יאָר זײַנען פֿאַראַן צוועלף חדשים:

204. שרײַב איבער די ווײַטערדיקע זאַצן צו זיך אין העפט, צוגעבנדיק די נייטיקע צייכנס:

פֿון אונטערן שניי זײַנען אַרויס בלאָע געלע רויטע און ווײַסע בלומען. פֿון אונטערן שניי זײַנען אַרויס אַ סך בלומען בלאָע געלע רויטע ווײַסע. פֿאַראַן פֿינף וועלט־טיילן אייראָפּע אַזיע אַפֿריקע אַמעריקע אויסטראַליע.

אויף אײַנצובינדן ביכער דאַרף מען האָבן אַ ווינע אנ
סטרומענטן אַ מעסער אַ שער אַ פּרעס. ווײַטער דאַרף מע
האָבן טעקטור פּאַפּיר קלעפּעכץ און לײַוונט.

| |
|---|
| פּאַראַן נאָך כּללים ווען צו שטעלן אַ צווייפּונקט. וועגן דעם וועלן מיר לערנען שפּעטער. |

---

## אַ פּאָר באַמערקונגען פאַר דעם לערער.

1. אונדזער גראַמאַטיק איז אויפגעבויט אויף דער אַליינשטעטיקייט פון דעם תּלמיד, זי דאַרף אים צוגעוויינען אַליין צו אָבסערווירן די דערשיינונגען פון דער לעבעדיקער שפּראַך. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז דער לערער ווערט דורכדעם פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַסיוון „פאַרגעבער". פאַרקערט, דער לערער מוז געניי דורכאַרבעטן אין קלאַס דעם טייל מאַטעריאַל ביז די אויפגאַבעס; לויט דער מדרגה פון קלאַס, איבערהויפּט צום אָנהייב, איז אַפילו אַ סברא, אַז דער לערער זאָל אַ טייל פון די אויפגאַבעס אויך דורכמאַכן פריער מינדלעך אין קלאַס איידער ער פאַרגיט די שריפטלעכע אַרבעט.

2. די כּללים זיינען אויסגעטיילט באַזונדער. קיינער וועט ניט זוכן אין זיי קיין שטרענגע וויסנשאַפטלעכקייט, נאָר ווי ווייט מעגלעך האָבן מיר געזוכט אויסצולאָזן אַלצדינג, וואָס איז סותר די וויסנשאַפטלעכע באַגריפן. די כּללים זיינען באַשטימט פאַר די מער געראָטענע און פעיקע תּלמידים; אָבער בשום־אופן טאָר מען זיי ניט געבן איינצוחזרן אויף אויסווייניק. אויך דעם לערער וועלן די כּללים צוניצקומען, ווייל זיי וועלן אים פאַרשפּאָרן די אַרבעט פון אַבסטראַהירן און פאָרמולירן.

3. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פיר קאַפּיטלען: זאַץ, וואָרט, קלאַנג און אות, באַטייט פון ווערטער; דער צווייטער טייל ברענגט די יסודות פון מאָרפאָלאָגיע. אין יעדן קאַפּיטל וויקלט זיך דער מאַטעריאַל פונאַנדער בהדרגה; נאָר אויב דער לערער וועט געפינען פאַר נייטיק, קען ער אין טייל ערטער בייטן דעם סדר.

4. פון צייט צו צייט דאַרפן דורכגעפירט ווערן איבערחזרונגען. מיר האָבן אויף דעם קיין ספּעציעלע פּאַראַגראַפן ניט אַריינגעשטעלט, כּדי ניט צו פאַרגרעסערן — און ממילא צו פאַרטייערן — דאָס בוך. דער לערער וועט זיך דאָ אַליין אַן עצה געבן.

5. מיר האָבן אַרײַנגענומען אין טעקסט מאַטעריאַל, גאַנץ אָדער טײלװײַז, פון פאַרשײדענע װערק. די מחברים פון די דאָזיקע װערק װעלן אונדז געװיס מוחל זײַן, װאָס מיר האָבן זײ ניט פּורש-בשמם געװען; דאָס װאָלט געװען צו קאָמפּליצירט.

6. אין דעם אױסלײג באַזירן מיר זיך אויף די אָרטאָגראַפישע באַשלוסן פון צװײטן שולצוזאַמענפאָר; בלויז אין טייל ניטרעגלאַמענטירטע פראַגעס האָבן מיר געשטעלט אויף זיך. אין די העברעיִזמען האָבן מיר אײַנגעפירט די פאַרלײַכטערונגען, װאָס דער שולצוזאַמענפאָר האָט געהאַט באַשלאָסן: אַז דער i=קלאַנג װערט אַלעמאָל באַצײכנט דורך אַ יוד, דער v=קלאַנג אַלעמאָל דורך צװײ װאָװן. אויף אַזאַ אופן זײַנען צושטאַנדגעקומען שרײַבונגען װי שיפרה, דָװיד. אינגאַנצן האָבן מיר פאַרײַדשט די שרײַבונג פון די אות=נעמען (§ 29 און װײַטערדיקע), װאָרים אויך אין העב"ע"ש גופא איז דער אױסלײג פון די דאָזיקע װערטער ניט אַבסאָלוט פעסט. פּאָנעטיש האָבן מיר אויך אויסגעלייגט אַזעלכע װערטער װי שלימעזאַלניק, קאַלבױניק, װאָס האָבן זיך אין יידיש אינגאַנצן געביטן לויט זייער אויסשפּראַך און פּשט.

7. אין דער פראַגע װעגן די דובלעטן װי קענען / קאָנען, ריידן / רעדן אאַז"װ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף די פאָרמען פון ביידע מחברימס ריידשפּראַך. אָבער דער לערער דאַרף געדענקען, אַז דאָס ניצן די אַנדערע פאָרם טאָר בשום=אופן ניט פאַררעכנט װערן פאַר אַ גרײַז און אַז דער תלמיד מעג גאַנץ גלײַך שרײַבן לויט זיין אױסשפּראַך און געשמאַק:

קענען / קאָנען, ריידן / רעדן (אָבער בלויז: דו רעדסט, ער רעדט, איר רעדט, גערעדט און בלויז: די רייד), געבאָרן / געבוירן, געשװאָרן / געשװוירן, פאַרלאָרן / פאַרלוירן, טאָן / טון (און אויך געטאָן / געטון), זײַנען / זענען, זײַט / זענט.

גלייכבאַרעכטיקט זײַנען אויך (הגם דאָס איז שוין ניט שייך צו אױסלײג): ניט / נישט.

8. בנוגע נקודות רעקאָמענדירן מיר דעם לערער שטרענג זיך צו האַלטן בײַ דער שיטה, װאָס איז אָנגענומען אין דעם בוך:

אַ און אָ ווערן אַלעמאָל באַצייכנט (דעם אַלעף אָן אַ נקודה דאַרפֿן מיר האָבן פֿאַרן שטומען אַלעף); אַמבעסטן איז צו שרײַבן דעם אות מיט דער נקודה צוזאַמען (זע די פּאַראַגראַפֿן מיט שרײַבשריפֿט);

ײַ ווערט באַצייכנט מיט אַ פּתח (שרײַבן, זײַן); יי גייט אָן אַ נקודה (גיין, לייגן);

י ווערט געפּינטלט בלויז נאָך אַ וואָקאַל (רויִק, העברעיִש) און נאָך אַ קאָנסאָנאַנטישן יוד (ייִנגל);

ו ווערט געפּינטלט בלויז ביי אַ באַגעגעניש מיט אַן אַנדער ו (טוּונג; גענוג צו פּינטלען דאָס ערשטע מאָל) אָדער צווייי וואָוון (ווּוּ, פּרוּוון).

קיין חולם ווערט ניט געשטעלט.

אין העברעיִזמען ווערט געשטעלט די נקודה בלויז אונטערן אַקצענטירטן טראָף; נאָכן דורכגיין דעם § 25 איז שוין פֿאַר די קינדער דער באַגריף אַקצענט קלאָר. אויב דער לערער געפֿינט איין, אַז ער דאַרף די קינדער לערנען שטעלן נקודות אונטער אַלע קאָנסאָנאַנטן, איז יעדנפֿאַלס די נקודות, וואָס שטימען מיט דער ייִדישער אויסשפּראַך: חַגָה, בְּרָכָה, מַשְמָעוּת אאַז״וו; קיין שוואָ דאַרף מען אינגאַנצן ניט שטעלן.

9. אין צוזאַמענהאַנג מיט דורכגיין די אָפּשטעלצייכנס (§§ 1 — 17) דאַרפֿן דורכגעפֿירט ווערן וואָס מער געניטונגען פֿון אינטאָנאַציע. דאָ איז דער פּלאַץ צו פֿאַרטיפֿן זיך אַ ביסל אין דעם ענין פֿון דעם אַ״ג „אויסדריקלעכן לייענען״.

10. דאָס גרעסטע קאַפּיטל (III) איז פֿאַרנומען מיט ענינים פֿון פֿאָנעטיק און אויסלייג. אויב אין קלאַס זיצן צו יונגע קינדער, וועט דער לערער זיך שוין אַן עצה געבן, וועלכן טייל מאַטעריאַל ער קען איבערהיפּערן; נאָר אין אַלגעמיין האַלטן מיר, אַז פֿאָנעטיק איז אַן אומבאַדינגט ווייטיקער טייל פֿון דער שפּראַכיקער אויס־בילדונג. בײַ לײַטן ווערט אַפֿילו אויף דער מדרגה אָפּגעגעבן נאָך מער צײַט און פּלאַץ אויף פֿאָנעטיק; מיר האָבן דאָס דאָ ניט גע־טאָן, כּדי ניט מיטאַמאָל איבערצובייגן אין דער ייִדישער שול דעם

שטעקן אויף דער צווייטער זייט. עטלעכע פּרינציפּיעלע פּונקטן דאַרפן דאָ באַלויכטן ווערן.

11. די באַגריפן קלאַנג און אות מוזן שוין זײַן באַקאַנט די קינדער פון דעם אַלעף-בייז-לימוד; איצט דאַרף דער גרענעץ נאָך מער פאַרטיפט ווערן. פאַר די אותיות האָבן מיר אײַנגעהיט, טאַקע לשם דער דאָזיקער אָפּגרענעצונג, זייערע טראַדיציאָנעלע יידישע נעמען. ווען מען זאָגט: שרײַב אָן אַ b, קען זיך שאַפן אַן אילוזיע, אַז קלאַנג און אות זײַנען אידענטיש; ווען מען רעדט וועגן אַלעף, בייז, גימל, זײַנען אַראָפּ אַלע ספקות.

12. די דיפטאָנגען זײַנען פון אײנפאַכקייט וועגן ניט אויס-געטײַטשט ווי אַ סומע פון קלאַנגען.

13. רעכנענדיק זיך מיט די דיאַלעקטישע אונטערשיידן ביי די תלמידים, האָבן מיר — צום ערשטן מאָל אין אַ יידישן לערנ-בוך — אַרײַנגעפירט באַזונדערע פאַראַגראַפן פאַר דעם u-דיאַלעקט (§§ 34, 35, 44, 52, 54, 60, 62, 64) און פאַר דעם o-דיאַלעקט (§§ 36, 43); די ערשטע זײַנען באַצייכנט מיט אַ שוואַרץ קײַקעלע, די צווייטע מיט אַ שטערנדל. דאָרט, וווּ די קינדער דאַרפן ניט די „געקײַקלטע" אָדער „געשטערנטע" פאַראַגראַפן, וועט דער לערער זיי פשוט איבערהיפּערן.

14. צו § 34 איז צו באַמערקן, אַז מיר האָבן דעם פּויליש-יידישן i-קלאַנג (i, y, ī אאַז"וו) ניט דיפערענצירט, ווײַל דאָס וואָלט פאַרפירט צו ווײַט.

15. אין טייל פאַראַגראַפן (למשל 33) איז געווען „אַ ניי-טיקייט פון אַ פ אָ נ עט י ש ן שריפט. דאַרף דער לערער האָבן אין זינען, אַז אין דעם פאַל באַטייט אָ—o און ו—u. דאָס איז גרינ-גער איידער פאַרקערט אָ—u, ווײַל אויך דער u-דיאַלעקט האָט געציילטע ווערטער, וווּ u ווערט אויסגעלייגט מיט וואָוו (קונסט, קולטור, ליטעראַטור), אינדערצײַט וואָס דער o-דיאַלעקט האָט קיין איין פאַל ניט, וווּ אָ זאָל באַטייטן u.

אין עטלעכע פאַלן איז אין האַלבע לבנות אַרײַנגעפירט דער לאַטײַנישער אות אויף צו באַצייכענען דעם קלאַנג.

16. בשום־אופן טאָר מען אונדזער כּוונה ניט פאַרשטיין אַזוי, אַז מיר ווילן אַרויפצווינגען אויף דעם u-דיאַלעקט די אַ״ג „ליטווישע״ אויסשפּראַך. כּל־זמן עס איז ניטאָ קיין אַלגעמיין־גילטיקע אויסשפּראַך (און לעת־עתּה זעען מיר נאָך ערשט די ערשטע טריט צו איר), דאַרפן די קינדער בלײַבן בײַ זייער דיאַלעקט. אויסמײַדן דאַרף מען נאָר צו בולטע פּראָווינציאַליזמען. אַשטייגער אין דעם גבול פון דעם o-דיאַלעקט וועט דעם לערער אויסקומען צו נאָרמאַליזירן די אויסשפּראַך פון וי (§ 36) אָדער צו רעגולירן דעם באַנוץ פון ס—ש; אין קאָנגרעספּוילן וועט מען אפשר מוזן דערנענטערן די אויסשפּראַך פון אַזעלכע ענדונגען ווי -ער צו דער שרײַבונג (אַלזאָ: יעיגער און ניט יעיגאָ אדג״ל).

17. שטאַרק געוואָרנט מוז דער לערער זײַן פאַר דער אַ״ג „אָרטאָגראַפישער אויסשפּראַך״ פון אויף, זיך אאַז״וו. אין §§ 67 און 68 איז בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז בלויז די שרײַבונג איז בײַ אויף, אַרויף מיט וואָוו יוד; ריידן דאַרף מען af (of אין אַנדערע מקומות) בײַ דער פּראָפּאָזיציע, uf (ōf) בײַם ווערבאַלן צוגאָב. דאָס אייגענע בײַם וואָרט בײַ: aj ווערט גערעדט בלויז אונטערן אַקצענט (איך האָב דאָס בײַ מיר), און ווײַטער איז § 72 אויסן בלויז די שרײַבונג. אויך בײַ „זיך״ דאָס אייגענע. די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי אַרויסצוריידן, איז אין כּלל פון § 66 בכיוון אויסגעמיטן.

18. די קינדער, וואָס וועלן דאָס ניט וויסן, וועט דער לערער מוזן דערקלערן, אַז דאָס וואָרט ראָוו אין § 62 מיינט: גראָבן.

19. די §§ 74—82 (קאַפּ׳ IV) זײַנען צוגעגעבן אין דער דריטער אויפלאַגע.

20. די חברים לערער, וואָס ניצן דאָס בוך, ווערן געבעטן מיטצוטיילן די מחברים זייערע באַמערקונגען און אָנווײַזן.

---

# אינהאַלט:

זײַטל

זייטל